# PRI YERUCHOM

## PART III

A book containing valuable thoughts and enlightment on the Book of Psalms and on various Talmudical passages, written in popular language so that every Jew may enjoy the beauty of our holy Torah.

This book is written in the same spirit and contents as that of my other book known as "HEGYONEI YERUCHOM" which is very popular in Jewish life and to which all the Rabbis and Leaders in Israel have put their seal of approval.

BY

RABBI F. W. CIECHANOWICZ

NEW YORK, N. Y.

1 9 3 9

ספר

# פרי ירוחם

חלק ג

געדאַנקען און ערקלערונגען אין תהלים און אין מאמרי חז״ל, בעהאַנדעלט דאָס יעדער איד זאָל קענען געניסען פון אונזערע גייסטיגע תורה אוצרות.

דער ספר איז אין גייסט און אין אינהאַלט ווי מיין ספר „הגיוני ירוחם״, וואָס איז באוואוסט אין דער אידישער וועלט, וואָס אלע גדולי ישראל האָבען אויף איהם מסכים געווען.

פון
הרב יז״ץ
(המכונה פישל וואלף צעכאנאוויץ)

ניו יאָרק, תרצ״ט

# פאָרערעדע

## אָדער גאָר אַ פאַרטיידיגונג

פיעל פון מיינע פארעהרער שליט"א, וואָס האָבען געלעזען מיין מאַנוסקריפּט, האָבען מיך פּרובירט קרי־טיקירען אויף דעם וואָס איך שרייב דעם ספר אין דער אידישער שפּראַך און נישט אין לשון קודש. אַנדערע פון זיי האָבען זיך שטאַרקער אויסגעדריקט מיט די ווערטער, אַז עס פּאַסט נישט דאָס אַזאַ וויכטיגער, באַ־לערענטער ספר זאָל געשריבען ווערען אין זשאַרגאָן. דאָס איז קריטיק מיט אַ ביטול אויף דער אידישער שפּראַך, וואָס אַ אמת, איך בין זיך מודה ומתודה, דאָס איך אַליין בין פון די וואָס זיינען אין דער מיינונג, אַז דאָס וואָס מען קען זיך נאָר באַנוצען מיט לשון קודש, דאַרף מען נישט נוצען קיין אַנדערע שפּראַכען, ווייל לשון קודש איז אונזער פאָלקס־שפּראַך, וואָס איז מיט איהר צוזאַמען געבוירען געוואָרען. אין דער שפּראַך איז אונזער תורה, מיט דער שפּראַך האָבען גערעדט צו אונז אונזערע נביאים, אין דער שפּראַך זענען די שירים פון רבי יהודה הלוי און בן גבירול. געווים, געווים, איז לשון קודש געווען אונזער שפּראַך, און זי וועט מיט ג־ט'ס הילף זיין אונזער שפּראַך, און טאַקע פון גאַנצען פאָלק, מיט איהר זיך צו באַנוצען אין הויז און אין גאַס

אָבער ביי היינטיגען טאָג וואָס קען מען טאָן, מיר מוזען זיך רעכענען מיט דעם, וואָס גאָר א גרויסער טייל פון אונזער פאָלק, וועלבע פארהייליגען די לשון קודש שפראַך, אָבער באַנוצען זיך מיט איהר איז זיי שווער. יאָ, עס דאַרף אַזוי נישט זיין, אָבער דאָס איז דאָך לייי־דער אַ געשעהענער פאַקט, דאָס אונזערע אידישע מענטשען באַנוצען זיך מער מיט אידיש ווי מיט לשון קודש און באַשולדיגען זיי פאַר דעם קען מען אויך נישט. דאָס איז בלויז די שולד פון ביטערען גלות, וואָס נישט נור די שפראַך האָט ער פון אונז אוועקגע־רויבט, נאָר אויך פיעל טייערע הייליגטימער.

אַלזאָ, מוזען מיר זיך רעכענען מיט דעם פאַקט, דאָס אַ סאַך פון אונזער פאָלק ריידען און שרייבען אין דער שפראַך, איז אפילו זי זאָל זיין זשארגאָן, איז זי דאָך די אידישע שפראַך. מיר זעהען דאָך, אַז מען האָט אַ נאָמען געגעבען די שפראַך אידיש, איז דאָך אַ סימן אַז זי רעכענט זיך שוין אין דעם אידישען באַגאַזש, אין דעם פאָלקס־אייגענטום.

דער רמב"ם ז"ל אין פרקי אבות דריקט זיך אויס מיט דעם געדאַנק: „אמת, לשון קודש איז טייער, נאָר אויב אַז איינער שרייבט שלעכטע זאַכען אין לשון קודש און אַ צווייטער שרייבט דברי חכמה ומוסר אין אַן אַנדער שפראַך, איז געוויס די שריפט פון די חכמה ומוסר טייערער". די וואָס האָבען ביי מיר באַשטעלט די ספרים זיינען עהרליכע, טייערע, גוטע אידען, וואָס

ווילען לערנען אידישע תורה און חכמה. פיעל פון זיי האָבען פארלאַנגט איך זאָל מחבר זיין פאַר זיי אַ ספר אין אידיש, בעט איך די, וואָס לשון קודש איז ביי זיי גרינג, אָבער אידיש ווערלען זיי דאָך אויך קענען לעזען, בע"ה וועט זיין דער ספר שוה לכל נפש, דאָס יעטוועדער אידישער מענטש וועט קריגען פון די ספרים שיינע ידיעות בחכמת ומוסר התורה.

# הקדמה

## די פאָררעדע פונ׳ם פערפאַסער

**פיעל געלערענטע**, וואָס האָבען געלעזען דעם ספר אין שריפט פרעגען מיר דיזעס: דער ספר איז דאָך א פאָלק-ספר, ער איז דאָך דעריבער גע-געשריבען אין דער אידישער שפראַך, כדי יעטוועדער איד זאָל איהם קענען לעזען און פאַרשטעהן, טאָ וואָס האָב איך אריינגעגעבען אין ספר העכערע תורה-ווי-סענשאַפט, וועלכע דאָס איז פאַסענד צו לערנען פאַר אַקאַדעמישע שטודירענדע מיט הויכער בילדונג. ווי קומען אַזעלכע לימודים פאַר׳ן געוויינליכען פובליקום?

**אָבער מיין מיינונג** אין דיזעס איז גאָר אַנדערש. איך גלויב דאָס אַלע אידען זענען מחויב, און ווערט, צו פאַרשטעהן אַלע וויסענשאַפטען, און בפרט וויסענשאַפט, וואָס איז פאַרבונדען מיט אונזער תורה. יעטוועדער איז איז גענוג ערוואַקסען צו דעם, ווייל מיר זענען די נאָענטע פאַרבונדענע צו ג־ט, ווי אין דער תורה איז געשריבען: „קדושים תהיו כי קדוש אני ה׳ אלקיכם״. דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס איהר דאַרפט זיין העכער, ווייל איך בין אייער ג־ט. עס איז גאַנץ ריכטיג דאָס צוליעב געוויסע אורזאַכען, שטאַר-קע מאָטיווען, וועלכע דאָס האָט א סאך געשטערט די

לערנונג פון אַ גרויסען טייל פון אונזער פאָלק, אָבער דאָך זענען מיר זעהר מסוגל צו לערנען און פאַרשטעהן די העכסטע וויסענשאַפט. דערום ליגט אַ חוב קדוש, אַ הייליגע פליכט אויף די מורים ומדריכים, די לעהרער פון פאָלק צו לערנען מיט'ן פאָלק, ער זאָל באַוואוסט זיין צו פאַרשטעהן די תורה, נישט בלויז אַלס אַ רעלי־גיעזע, נאָר צו וויסען, אַז די תורה, אויסער וואָס זי איז „הדתי", איז זי „הדעתי", זי איז דער „מקור" קוואַל פון אַלע חכמות און מדות (עטיק). מיר דאַרפען קומען צום פאָלק אין וואָרט און מערסט אין שריפט, לערנען איהם נישט בלויז דעם דין און מוסר. מיר דאַרפען זיי לערנען די חכמת התורה, די שעהנקייט פון די דיני ומוסר התורה, אַז מיר וועלען פאַרשטעהן די תורה, וועלען מיר יעצט וויסען ווי זיך צו האַלטען אין די אוי־גען פון די אומות, ווי אין דער תורה איז געשריבען: „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים אשר ישמעון את כל החקים האלה ואמרו רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה" (וואָרום די תורה איז אייער קלוגשאַפט און פאַרשטאַנדיגקייט פאַר די פעלקער, וואָס זיי וועלען הערען די אַלע געזעצען אייערע, וועלען זיי זאָגען: נאָר דאָס אידישע פאָלק איז דער קלוגער און פאַרשטענ־דיגער. ער איז דאָס גרויסע פאָלק).

**משה רבנו** ע"ה, אין זיינע לעצטע מינוטען האָט גע־לאָזען אַ צוואה די פירער פון פאָלק מיט די ווערטער: „וללוי אמר: תמיך ואוריך וגומר יורו

משפטיך ליעקב ותורתך לישראל״ (װעגען שבט לוי האָט ער געזאָגט: דאָס ער איז דער װאָס טראָגט דעם אורים ותמים, דאָס מײנט, ער איז דער װעג-װײַזער פון פאָלק, זײ זאָלען פסק׳ענען די משפטים יעקב׳ן, אָבער נישט יוצא זײַן בלויז מיט פסקנ׳ען די דינים, נאָר „ותורתך לישראל״, זײ זאָלען לערנען די תורה צו די אידען). איך האָב בע״ה מקיים געװען, װיפיעל מײַנע כוחות האָבען מיר געדינט. איך האָב אין דעם ספר אַרײַנגעגעבען אַן אוצר מיט װיסענשאַפט, אַלעס אויף די יסודות (פאַונדײשאָנס) התורה. איך האָב די העכסטע װיסענשאַפט אַראָפּגעלאָזען, דאָס יעטװעדער איד זאָל קענען װיסען די יסודי התורה אין אַ גרויסער מאָס, און זאָל דאָס קענען איבערגעבען צו אנדערע. ער זאָל קענען מיט זײַנע קאָלעדזש קינדער פאַרברײַנגען אין העכערע שמועסן, זאָלן זײ הערען פון אונזער תורה. געװיס װעלען זײ זיך דערנעהענטערען צו איהר. עס זאָל מקוים װערען: „לא ימושו מפיך ומפי זרעך ומפי זרע זרעך״. איך האָב נישט געשריבען קײן אידישען ספר זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער און דאָרט גע-בליבען. איך האָב געטהאָן אין דעם זינען, לויט װי איך האָב געזעהן געבראַכט אין נאָמען פון הגאון הגדול ר׳ יצחק יעקב רײַנעס ז״ל אויף דער גמרא אין סנהדרין דף ח׳. [כתיב: „ואצוה את שופטיכם בעת ההיא״, וכתיב: „ואצוה אתכם בעת ההיא״, אמר ר׳ אלעזר אמר ר׳ שמלאי: אזהרה לצבור שתהא אימת דיין עליהן ואזהרה לדיין שיסבול את הצבור. עד כמה?

אמר רבי חנן ואיתמא רבי שבתאי: כאשר ישא האומן את היונק"]. דאָס מיינט: די גמרא פרעגט, אין דער תורה, אין דעם ענין פון דיינים, איז אין פסוק געשריבען: „איך פאַרזאָג די דיינים", אין צווייטען פסוק איז געשריבען: „איך פאַרזאָג אייך אין דער צייט" — זאָגט אויף דעם ר' אלעזר אין נאָמען פון ר' שמלאי, אַז די תורה פאַרזאָגט איין מאָל דעם צבור, זיי זאָלען האָבען רעספּעקט פאַר'ן דיין, און דאָס צווייטע מאָל איז אַ פאַרזאָג צום דיין, ער זאָל קענען פאַרליידען דעם צבור. פרעגט די גמרא: ביז וואַנען זאָל ער פאַרטראָגען דעם צבור? זאָגט אויף דעם ר' חנן, אָדער ר' שבתאי דעם פסוק: „כאשר ישא האומן את היונק" — אזוי ווי דער ערציהער הויבט אויף דעם זייגענדיגען קינד. ערקלערט אויף דעם הגאון ריינעס ז"ל, אַז דאָס כאַראַקטעריזירט די גמרא, ווי דער דיין דאַרף זיך באַנעמען צום פאָלק. דער דיין, דער מנהיג, דער גרויסער געלערענטער דאַרף קענען ליידען דעם פאָלק. ער דאַרף אים לערנען תורה, די העכסטע וויסענשאַפט. איי דעם פאָלק איז שווער צו פאַרשטעהן, דאַרף דער גרויסער מענש זיך אַראָפּלאָזען צום פאָלק מיט נידעריגע געוויינליכע ערקלערונגען, מיט משלים, ביישפּיעלען, מיט פאָלקס-שפּראַך, זיך אַראָפּלאָזען צום פאָלק, נאָר אין זינען האָבען טאַקע זיך אַראָפּצולאָזען צום פאָלק, אָבער נישט בלייבען אין דער נידער. אַראָפּגעלאָזט — אָבער נאָכהער דעם פאָלק אויפהויבען צו זיך, מאַכען דאָס פאָלק הויך. דאָס ערקלערט די גמרא

לויט דעם פסוק: „כאשר ישא האומן את היונק״, אזוי ווי מען וויל דעם זויגענדיגען קינד אויפהויבען. דאָס קינד איז קליין און הילפלאָז זיך ארויפצוהויבען, מוז די ערציהערין זיך אראָפּבויגען צום קינד, אָבער זי בלייבט נישט אין דער נידער מיט׳ן קינד אויף דער ערד, נאָר זי בויגט זיך אראָפּ צו איהם אין דער נידער, און הויבט איהם אויף צו זיך אין דער הויך. אזוי דאַר־פען די פאָלקס־לעהרער זיך נוהג זיין, קומען צום פאָלק, זיך אראָפּלאָזען צו איהם, מיט זיין שפּראַך, מיט זיינע געדאַנקען, פאָלקסטימליך, נאָר בּיסלעכווייז, מדרגא לדרגא, שטופּענווייז אויפהויבען דאָס פאָלק צו זיך, צום געדאַנק, וואָס מיר לערנען, וואָס מיר ווייסען די תורה. מעהר ליכט — מעהר פינסטערניש פארטרייבען. עס זאָל אין אונזער פאָלק ישראל מקוים ווערען: „וכבוד ה׳ עליך זרח, קומי אורי, כי בא אורך״ — שטעה אויף, עס איז געקומען דיין ליכט, דער כבוד פון ג־ט וועט שיינען אויף דיר.

**המחבר ירוחם זאב**

**בן לאדוני אבי מורי המופלג בתורה**

יעקב שרגא צכנוויביץ.

# פתיחה

(איינלייטונג)

**מיט וואָס** וועל איך קענען אָפּדאַנקען ג-ט, וועלכער שענקט דעם שטערבליכען מענשען שכל און פערשטאַנד, האָט איהם אָפּגעטיילט פון זיין חכמה און איהם געגעבען א חלק אין זיין תורה. און בפרט צו אַזאַ נידעריגען מענש, ווי איך בין, וואָס אַ גרויסען טייל פון מיין לעבען אויף דער וועלט האָב איך זיך פערנומען מיט מאַטעריעלע ענינים, מיט מסחר און פאַבריקאַציע, וואָס צוליעב דעם בין איך געצוואונגען געווען זיך צו געפינען אין דער געזעלשאַפט פון עמי-הארצים, וועלכעס דאָס איז איינע פון די סיבות, וואָס פיהרען איבער דעם מענשען פון דער וועלט. איך בין געזונקען אין אַ טיעפען זומפּ, אין געהיים האָט מיין נשמה אין מיר געוויינט, דערמאָנענדיג זיך אין מיינע יונגע יאָהרען, די גאָלדענע צייט פון מיין לעבען, ווען איך האָב געהאַט דעם פערגעניגען צו פערברענגען אין דער געזעלשאַפט פון גדולי ישראל, צו הערען תורה פון מיינע לעהרער, די גאונים אין זייער דור, דאָס זענען די רבנים און די ראשי ישיבות פון קאָוונא און סלאָבאָדקא זצוק"ל. איך האָב ממש געשפּירט, אַז איך בין אַראָפּגעפאַלען פון דער העכסטער הויך אין טיעפ-

סטען גרוב. נאָר דער זכות, וואָס איך האָב זיך געפיהרט אזוי ווי רב שמואל בר שילת, וועלכער האָט געזאָגט: „והשתא נמי דעתאי להתם", און איצט אויך, ווען איך בין פארנומען מיט דער ארבעט, זענען מיינע גע־דאנקען דאָרטען, וואו עס ווערט געלערענט, — איז מיר בייגעשטאנען זיך אומצוקערען צו די טויערען פון ציון המצוינים בהלכה, דאָס הייסט צו דער תורה. עס זענען אויף מיר אויפגעשטאנען רויבער, וועלכע האָבען צוגערויבט כמעט מיין גאנצען פארמעגען און האָרע־וואניע.

**איך האָב געזעהן** קלאָר, אז פון הימעל האָט מען דאָס פאַראורזאַכט, כדי מיך צוריקצוברענ־גען צו דער הייליגקייט, און צו געניסען פון דער ליכט פון דער תורה. איך האָב אויף זיך געזאָגט דעם פסוק: „משוד עניים מאנקת אביונים עתה אקום". (פון דעם רויב פון די אָרימע, פון דעם קרעכצען פון נויטבאדערפ־טיגע, וועל איך איצט אויפשטעהן). דורך דעם, וואָס מען האָט מיך בערויבט, האָב איך געהאט א תקומה, האָב איך זיך צוריק אוועקגעשטעלט אויף דעם ריכטיגען וועג, און איך האָב זוכה געווען מיט דער הילף פון ג־ט מחדש צו זיין חדושי תורה אין הלכה און אין אגדה, אויף וועלכע די גאונים פון אונזער צייט זאָגען: אז „די חדושים מאכען לייכטען און דערפרעהען ג־ט און די תורה־לערנער" (שהחדושים מאירים ומשמחים ה' ולומדי תורה). איך דערמאָן נישט אין מיין פתיחה

דאָס, וואָס די גאונים האָבען געשריבען צו מיר וועגען מיין ספר, ווייל די חכמים זאָגען: „עלובה עיסה שנחתומה מעיד עליה" — „אָך און וועה איז צו דער טייג, וואָס איהר בעקער אליין זאָגט אויף איהר עדות". עס פּאַסט נישט, אז אַ מענש זאָל שרייבען אויף זיך אליין די שבחים, וועלכע מען זאָגט אויף איהם, און דאָס וועלכעס איך האָב דערמאָנט, איז געקומען פון מיין באַגייסטערונג, דען איך וויים מיין נידעריגע ווערדע, אז איך בין דער קלענסטער פון די קלענסטע, דער קלענסטער בעל מח, און אז אַ מענש, ווי איך בין, האָט ג-ט מזכה געווען צו זיין פון די יושבי בית המדרש, איך זאָל אויך האָבען אַ חלק אין זיין תורה און מען זאָל איבערזאָגען דאָס, וואָס מען האָט געהערט פון מיין מויל, אויף דער וועלט. אַזוי ווי די תפילה פון דוד המלך עליו השלום, וועלכער האָט געזאָגט פאַר ג-ט: „יהי רצון שיאמרו דבר שמועה מפי בעולם הזה" (הלואי זאָל מען איבערזאָגען דאָס, וואָס עס איז געהערט געוואָרען פון מיין מויל, אויף דער וועלט).

**מיט מורא**, מיט שרעק און ציטערניש, קניה איך און בוק מיך פאר ג-ט, מיין באַשעפער, איהם צו דאַנקען פאַר דעם גרויסען חסד, וואָס ער האָט געטאָן מיט מיר. און עס זאָל מקוים ווערען אין מיר, אַזוי ווי די תפלה פון דוד המלך ע"ה, וועלכער האָט מתפלל געווען: „אגורה באהלך עולמים". האָבען אויף דעם די חכמים, זכרונם לברכה, געזאָגט אין גמרא יבמות,

דף צ״ו און אין בכורות, דף ל״א: „ווי איז דאָס מעגליך, אַז אַ מענש זאָל לעבען אין צוויי וועלטען מיט איין מאָל? נאָר דוד האָט געזאָגט: רבונו של עולם, זאָלען מענשען זאָגען דאָס, וואָס מען האָט געהערט פון מיין מויל אויף דער וועלט, דען רבי יוחנן אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחי האָט געזאָגט: יעדער תלמיד־חכם, וואָס מען זאָגט איבער זיינע אַ זאַך, וואָס מען האָט גע־הערט פון זיין מויל אויף דער וועלט, רעדען זיינע ליפּען אין קבר״. און אַזוי ווי עס האָט גע׳דרשנ׳ט רבי שמלאי (ברכות, דף ל״ב): „לעולם יסדר אדם שבחו של הקב״ה ואחר כך יתפלל״ — דער מענש דאַרף פריהער דער־צעהלען די שבחים פון ג־ט און נאָכהער תפלה טאָן. און מיט דער אָרדנונג, האָבען טאַקע די חז״ל מתקן געווען דעם נוסח פון די תפלות. און אַזוי איז אויך דער נוסח פון דער תפלה ביים אַרויסנעמען די ספר תורה: „ולשמיה יקירא אנא אמר תושבחן״, און נאָכדעם הויבט זיך אָן די תפלה: „יהא רעוא קדמך דתפתח לבאי באורייתא ותשלים משאלין דלבאי ולבא דכל עמך ישראל לטב ולחיים ולשלם״.

**צום ערשטען** האָב איך מסדר געווען מיין דאַנק און לויב צו ג־ט פאר דאָס גוטעס, וואָס ער האָט מיר געטאָן ביז איצט, וואָס האָט מיך אַריינגע־בראַכט אין זיינע הייליגע הויפען און מיך אַוועקגע־זעצט ביים קעניגליכען טיש. „מאן מלכי — רבנן״ (ווער ווערט גערופען מלכים, — דאָס זענען די תלמידי

חכמים), צו דערלאַנגען פאַר זיי מיינע ערשטע צוויי ספרים: איינער מיט'ן נאָמען: „תורת ירוחם", אויף הלכה און פלפול, און דער צווייטער מיט'ן נאָמען: „הגיוני ירוחם" — פילאָזאָפישע געדאַנקען און איבער-בליקען וועגען די דריי צייטען: פון דער פאַרגאַנגענ-הייט, פון דער געגענוואַרט און פון דער צוקונפט, גע-בויט אויף דער לאָגיק, וואָס איז באַגרינדעט אויף דברי חז"ל, און איצט וועל איך איהם דאַנקען פאַר דעם ספר און מתפלל זיין אויף ווייטער: יהי רצון מלפניך ד' אלקי, אַזוי ווי דו האָסט מיר געהאָלפען מחדש צו זיין מיינע פריהערדיגע צוויי ספרים, און יעצטיגען ספר, אַזוי זאָלסטו מיר העלפען צו לערנען און צו לעהרען, אָפּצו-היטען, צו טאָן און צו מקיים זיין דיין גאַנצע תורה מיט ליבשאַפט און איך זאָל זוכה זיין מחדש צו זיין נאָך חדושי תורה, און דער זכות פון דער תורה זאָל מיר ביישטעהן, מיר און מיינע קינדער, אַז עס זאָל נישט אויפהערען די תורה פון מיין מויל און פון מיינע קינ-דער'ס מויל ביז אייביג, און מיר זאָלען זוכה זיין צו לאַנגע יאָהרען אין דיין תורה, צו מתקן זיין די וועלט במלכות שדי, אויפצוהויבען דעם קרן התורה וישראל, און עס זאָל אין אונז מקוים ווערען: „למען ירבו ימיכם וימי בניכם על האדמה", מיר זאָלען זוכה זיין צו פאַר-שפּרייטען פאַר דער גאַנצער וועלט די קולטור און ליכט פון דער תורה אין אונזער הייליגען לאַנד.

## דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז געלערענט

**דער נביא ישעיה׳** זאָגט אין זיין נחמה נביאות (ישעיה נ״ד) צום אידישען פאָלק: „וכל בניך למודי ה׳״ — „אַלע דיינע קינדער זיינען געטלי־כע געלערענטע. דאָס מיינט, זיי זיינען פאַרפאָלקאָמט אין לערנען. די ווערטער פון נביא איז אויבערפלעכליך שווער צו פאַרשטעהן. דער נביא זאָגט, דאָס מיר אי־דען זיינען אַלע געלערענטע אין דעם העכסטען זינען פון וואָרט. דאָס מיינט דאָך נישט, ווי מאַנכעס מאָל רימט אַן אַמעריקאַנער טיטשער זיין תלמיד, אָדער אַ טאַטע־מאַמע זייער זוהן, ווי ווייט גרוים די לומדות זיינע, ווי גרוים ער איז אין תורה. זיי ברענגען די פאַק־טען, ווי דער זוהן האָט געזאָגט צו דער בעל־מצוה דעם מפטיר, עס איז געווען פשוט אַ פאַרגעניגען צו הערען, עס האָט זיך געשאָטען ווי פערעל פון זיין מויל. אויך דער ספיטש זיינער, מיט דער שבועה — טריי־שאַפט צום אידישען ג־ט מיט זיין תורה, איז געווען וואונדערבאַר. מען האָט איהם כמעט ווי גאָרנישט אונ־טערגעזאָגט, נאָר אפשר אַ דריי מאָל. ווארשיינליך, דער נביא מיינט נישט אַזעלכע געלערענטע לומדים און קענערס. דער נביא מיינט נישט אפילו אַזעלכע לומדים, וואָס האָבען געענדיגט העכערע למודים, ווי מפטיר מיט א בעל מצוה ספיטש. דער נביא, אז ער

זאָגט געלערנטע פון ג־ט, מיינט דאָס אין נביא׳ישען זין. דאָס מיינט פשוט א געלערנטער אין כל התורה כולה, תנ״ך, ש״ס בבלי, ירושלמי, תוספתא, מכילתא, רי״ף, רמב״ם, רא״ש, ר״ן, טורים, פוסקים ראשונים און אחרונים, און דער נביא זאָגט דאָס נישט בלויז אויף ירושלים׳ער, ווילנער, קאָוונער און וואָלאָזשינער אידען, נאָר ער זאָגט „וכל בניך", דאָס מיינט, אז אַלע דיינע קינדער, אויך ניו־יאָרקער, שיקאַגער, קאַלאַפאָרנער און פלאָרידער — אַלע זענען געלערנטע פון ג־ט, דאָס מיינט, זיי זענען קלאָר די אלע זאכען, וואָס מיר האָבען אויסגערעכענט. פרעגט זיך אַ פראַגע: מיר אַלע זענען מאמינים בני מאמינים, מיר גלויבען באמונה שלימה שכל דברי נביאים אמת, דאָס אַלע ווערטער פון אונזערע נביאים זענען אמת, ס׳איז קיין האָר נישט אַנדערש, ווי זיי האָבען געזאָגט. עס וועט פון די נביאים׳ס ווערטען קיין אות נישט פעהלען, טאָ ווי אַזוי שטימען די ווערטער פון נביא, דאָס אַלע דיינע קינדער זענען געטליכע געלערנטע, איז דאָס טאַקע אַזוי? דוכט זיך, אַז עס געפינט זיך צווישען אונז אַ נישקשה־דיגע צאָהל קינדער און דערוואַקסענע, וואָס זיי פעלט נאָך אוים אַ ביסלע אין כל התורה כולה, זיי פעלט נאָך אַ סאַך תוספות׳ען אפילו אין ערשטען סדר פון ש״ס, טאָ וואָס איז מיט דעם נביא׳ס ווערטער? אַז מיר זאָלען, חם ושלום, צווייפלען אין אַ וואָרט פון נביא, זענען דאָך אַלע אונזערע האָפענונגען, חם ושלום, אין סכנה.

**און דאָס, וואָס** צייטענווייז שטעלט זיך אונז איבער-
פלעכליך פראַגען, וואָס אונז דוכט זיך דאָס
דעם נביא'ס ווערטער שטימען נישט מיט דער ווירק-
ליכקייט, צום ביישפיעל: דער נביא זאָגט: „והיה
באחרית הימים נכון יהיה הר בית ה' בראש ההרים
ונשא מגבעות ונהרו אליו כל הגוים" „ושפטו בין הגוים
והוכיח לעמים רבים וכתו חרבותם לאתים וחניתותיהם
למזמרות ולא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד
מלחמה". „בית יעקב לכו ונלכה באור ה'". — „עס
וועט זיין אין דער ענדע פון די טעג, וועט ג-ט'ס באַרג
זיין אין דער שפּיץ פון אַלע בערג, ער וועט העכער זיין
פון אלע העכסטע בערג. עס וועלען זיך צו איהם ציען
אַלע פעלקער". „ער וועט משפט'ען צווישען די פעל-
קער. ער וועט אויפקלערען די פיעל נאַציאָנען, און זיי
וועלען צושטויסען זייערע שווערדען, זיי צו פאַרוואַנ-
דלען אין אַקער-אייזענס, און דאָס זעלבע זייערע שפּי-
זען צו מאַכען פון זיי שניידמעסערס. קיין פאָלק צום
צווייטען פאָלק וועט מעהר שוין נישט שטרייטען מיט
די שווערדען, און זיי וועלען שוין מעהר קיין קריעג
נישט לערנען". „אין די הויז פון יעקב געהט, מיר אַלע
וועלען אַהין געהן". פרעגט זיך דאָך די פראַגע, מיר
זעהען דאָך אייגענטליך פאַרקערט, ווי דעם נביא'ס
ווערטער, מיר זעהען דאָך מיט אונזערע אויגען, ווי פון
טאָג צו טאָג ווערט די חיה אין מענטשען פאַרשטאַרקט
און פאַרגרעסערט. מען קאָן זאָגען „ותמלא הארץ חמס"
די גאַנצע וועלט איז פול געוואָרען מיט רויב. אַלע

פאַבריקען פון דער וועלט פאַבריצירען כלי משחית, די גאַנצע קונסט פון דער וועלט איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען נור, ווי אויסצוהרגענען די וועלט דורך ביקסען, דורך שווערדען, דורך האַרמאַטען, דורך באָמבעס, דורך עראָפּליינס, דורך גאַזען דאָס איז אויף דער יבשה און אויף דעם ים אויך דאָס זעלבע, פאַרשידענע מזיקים, אויפ׳ן וואַסער, אונטער׳ן וואַסער. עס זענען דאָ איינינע מדינות, וואָס קיין אַנדער ציוויליזאַציע איז שוין ביי זיי נישטאָ, אויסער אַ ציוויליזאַציע פון פאַרניכטען די גאַנצע וועלט, און די פעלקער זאָגען נישט געהטם און מיר וועלען געהן צו יעקב׳ס הויז, נאָר פאַרקעהרט, זיי זאָגען: מיר וועלען פאַרניכטען יעקב׳ן, און זייער גאַנצער מלוכה-אַפּאַראַט ליגט אָפּגעלייגט, טאָג און נאַכט, ווי צו מאַכען אַ כליה פון אידישען פאָלק, איז דאָך טאַקע קשה, ס׳איז דאָך נישט צו פאַרשטעהן, וואו זענען דעם נביא׳ס ווערטער?

**נור דער וואָס האָט** אַ טיפערען און ווייטערען קוק, דער זעהט פון דעם זעלבסט, ווי ריכטיג און ווי נאָהענט עס האַלט שוין צו פאַרווירקליכט ווערען די נבואה פון נביא. אָט זעהען מיר, אַז גראַדע די פעלקער, די פאַרניכטער פון דער ציוויליזירטער וועלט, די פאַרניכטער פון דער קולטור, וואָס די וועלט האָט ביז יעצט פון אַזוי פיעל דורות מיט שוועריגקייט געשאַפען, די חיות, וואָס ווילען פאַרוואַנדלען די גאַנצע וועלט אין בלוט און פייער, ווייל זיי האָט די קולטור

און ציוויליזאַציע גאָרנישט געקאָסט, זיי, די פינסטערע כוחות, האָבען צו דער קולטור גאָרנישט בייגעשטייערט — די נייע אויפגעשטאַנענע בלוטדאָרשטיגע פיהרער שטאַמען פון דעם אָפּשטאַם, וואָס איז מיט דער ליכטיג-קייט פון דער וועלט קולטור קיין מחותן נישט. זיי קענען נישט פאַרשטעהן פיל מיה, פיל בלוט און כוחות, פיל לעבענס פיעל פון די שעפער פון דער ציוויליזאַציע האָבען אָפּגעגעבען, האָבען געאַרבעט טאָג און נאַכט אַרויפצופיהרען די וועלט אויף דעם באַשטאַנד, וואָס איצט. מען קען דעם וואָלף, דעם טיגער נישט אויפ-קלערען די שעהנקייט פון דעם מענטשען, כדי ער זאָל איהם נישט אויפפרעסען.

**נאָר די פראגע** איז פארשטענדליך מיט דער ערקלע-רונג. אין דער גמרא ווערט אויפגעקלערט א פילאָזאָפישער געדאַנק: „אף על גב דאיהו לא חזי מזלא חזי", דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס כאָטש דער מענש זעהט נישט, וואָס עס דארף ביי איהם פאַרקומען, איז אָבער זיין פאַרגעפיל זעהט, דאָס איז אַזאַ כח פון נבואה, וואָס יעטווידער מענש פיהלט דאָס. אָט די חיות, די פאַרצוקערם, די בלוט-דאָרשטיגע באַרבאַרען, וואָס זיי קענען זיך נישט ענדערען פון זייער נאַטור, נאָך אַלע צוזאָגען, יעדעם מאָל נאָך יעטווידער רציחה און גזילה, זאָגען זיי צו דאָס מעהר שוין נישט, זיי ווע-לען שוין זיין מיט לייטען גלייך, זאָגען צו און שרייבען אונטער. די טינט פון דער אונטערשריפט איז נאָך

נישט אָפּגעטריקענט, איז שוין א פרישער געוואלד און געשריי פון מערדעריי און גזילה, ווייל די באַרבאַרען שפּירען, אַז עפּעס דאַרף פּאַרקומען אין דער וועלט. עס איז דאָך עפּעס דאָ אַ נבואה פון נביא ישעיה׳ און מיכה, דאָס די גאַזען, באָמבעס, שווערדען, שפּיזען, שווערע אַרטילעריע און אַזוי ווייטער, מוזען פאַרניכ־טעט ווערען, וואָרום וואָס זענען די נוצען פון זיי. איי־נער שאַפט קרעפטען צו פאַרניכטען צעהן טויזענט מענשען מיט איין קלאַפּ. די וועלט, אַלע מדינות צו־זאַמען מוזען אָנווענדען מיט אלע קרעפטען צו פּאַר־ניכטען די חיה׳שאַפט פון דער וועלט, און דאָס מוז מוז פּאַרקומען, ווייל דער נביא זאָגט דאָס אין דעם נאָמען פון ג־ט, דאָס צו ענדע וועלן פאַרניכטעט ווערען די שווערדען און שפּיזען, זיי וועלען פּאַרוואַנדעלט ווע־רען אין אַקער־אייזענס. דאָס מיינט צו זאָגען, דאָס די קונסט און ציוויליזאַציע וועט אָנשטאָט פּאַרניכ־טונגס־מיטלען, אויסגענוצט ווערען אין נוצבאַרע מיט־לען פּאַר דער מענשהייט, און די שאַפונג וועט געשאַפען ווערען, אויף יענעם באַרג, וואָס רופט זיך „הר בית ה׳״ — געטליכער באַרג, פון דער געטליכער הויז. פון דאָרט פון ציון און ירושלים, וועט אַרויסגעהן דער אויפרוף צו אַלע פעלקער, און דורך דעם אויפרוף פון דעם אידישען משיח, וועלען אַלע פּאַרניכטונגס - מיטלען צובראכען ווערען. וואָרשיינליך, דער וואָס האָט געזאָגט דעם אלף פון דער ציוויליזאַציע, דער וועט זאָגען דעם תיו, מיר האָבען אָנגעפאַנגען דעם קאַמף פּאַר׳ן „אנכי ה׳

אלקיך", וועלען מיר פאַרענדיגען דעם לעצטען וואָרט פון דער מענשהייט, דעם „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות, ולא ישא גוי אל גוי חרב" — צוברעכען און פאַרניכטען די שווערדען און שפיזען און אוים מלחמה און פאַרניכטונג, נאָר בויען און שאַפען.

יעצט וועלען מיר זיך אומקערען צו אונזער געדאנק, אַט די חיות האָבען אַ פאָרגעפיל, די האַרץ זאָגט זיי, אַז דער סוף צו זייער בלוטגייציגקייט, די פאַר־ניכטונג פון די באַרבאַרשאַפט וועט קומען פון די וואָס האָבען געבראָכען די געצענדינעריי. עס איז צו באַמער־קען, אַז דאָס בלוט פון די חיות קאָכט נישט בלויז אויף דעם אידישען פאָלק, נאָר אויך אויף די נביאים און ג־ט, זיי גיבען אַרוים אַזעלכע משונה'דיגע, ווילד־משוגע'נע געזעצען, צוםביישפיעל: מען זאָל אויסמעקען די נע־מען פון די נביאים, אויך דעם נאָמען פון שם. עפּעס זעהט זיך, אַז די חיות זענען פאַרביטערט, זיי פילען פון וואַנען זייער מפּלה וועט קומען. זיי זענען עפּעס ווי צור־טומעלט. געה שריי אויף דער לבנה. אַלזאָ קומען מיר צום באַשלוס, אַז צו פאַרשטעהן דעם נביא'ס ווערטער דאַרף מען האָבען אַ טיפערען בליק.

יעצט וועלען מיר זיך אומקערען צו אונזער ערשטער פראַגע אויף דעם נביא'ס ווערטער: וכל בניך למודי ה'". נאָר מיר וועלען צו דעם איינינגע אויפ־קלערונגען מאַכען.

אונזערע עלטערע מענטשען געדענקען, ווען עס איז געקומען „שבת תשובה", „שבת הגדול" פלעגט אין דער פריה נאָכ'ן לייענען די תורה, אין יעטוועדען בית מדרש און שטאָט, דער בית דין שמש אויסרופען אַ כרוז מיט דעם לשון, דאָס היינט, שבת קודש בייטאָג, דריי אַ זייגער, וועט אונזער הרב הגאון אב"ד שליט"א זאָגען אַ דרשה מענינא דיומא. נאָכ'ן דאַווענען האָט יעטוועדער זיך געיאָגט, געלאָפען גיכער אהיים, זיך געיאָגט מיט'ן עסען, פאַרפעלט אַ בי־סעל זמירות, גיך אָפּגעבענטשט, אויך זיך נישט צוגע־לייגט שלאָפען נאָכ'ן עסען. אַלע שבת פלעגט דאָך יע־דער איד זיך צולייגען אַ ביסעל שלאָפען בייטאָג, ווייל שינה בשבת תענוג, און מען זאָל קאָנען בייטאָג נאָכ'ן שלאָף לערנען מיט אַ קלאָרען קאָפּ. אָבער דער שבת איז געווען אַנדערש, ווי אַלע שבתים פון אַ גאַנץ יאָהר. עס האָט קיינעם נישט גענומען קיין שלאָף, ווייל עפּעס אַ קליינינקייט דער רב וועט זאָגען די שבת הגדול'דיגע דרשה.

נאָכ'ן עסען האָט יעטווידער זיך געיאָגט און מען איז געגאַנגען, נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפען, צום דעם רב'ס דרשה. עס האָט זיך געצויגען צו דער שוהל גאַנצע מחנות אידען: עלטערע, אינגערע, מע־נער און פרויען, אפילו די קריסטען האָבען באַמערקט, אַז עס קומט פאָר אַ גרויסע געשעהעניש ביי די אידען. ווארום האָט זיך יעטווידער געיאָגט גלייך נאָכ'ן עסען,

וואָס דאָס איז נאָך געווען איניגע שטונדען צו דער דרשה? נאָך די זאַך איז פאַרשטענדליך. אין די אַלטע אידישע שטעט, אַז מען האָט גערעכענט אין אַ שטאָט אַ געוויסע צאָהל אידען, צום ביישפיעל, מען האָט געזאָגט, אַז די שטאָט רעכענט זיך, אַז זי האָט צוואַנציג טויזענד אידען, האָט דאָס געמיינט פון איינס ביז צוואַנציג טויזענד אידען, ריכטיגע אידען, אין נאָמען און אין טהאָט, אידען במלא מובן המלה, אין פולען זינען פון וואָרט. נישט אַזעלכע אידען, וואָס מען קען זיי איינטיילען אין פאַרשידענע נעמען: אידען, האַלבע אידען, רעפאָרמער און ראַדיקאַלען, נאָר אידען מיט אַלע פינטעלעך, און אין א שטאָט, וואו עס האָבען געוואוינט 20 טויזענט אידען, האָט עס געמיינט צוואַנציג טויזענט אידען: דער זיידע, דער טאַטע און דער איניקעל. און די אַלע אידען האָבען געדאַרפט דעם רב׳ס דרשה און האָבען זעהר גערען געוואָלט הערען דעם רב, און אַזוי ווי אין שוהל האָבען צו מערסטען געקענט אריין אַן ערך פינף טויזענד מענשען, און צו דער דרשה האָבען געוואָלט אריינגעהן אין בית, מדרש די גאַנצע צוואנציג טויזענט אידען, האָט דעריבער יעדערער זיך מקדים געווען, ער זאָל קענען בעסער הערען די דרשה, און קענען קוקען גלייך דעם רב אין פנים. און אַזוי איז זיך דער גרויסער בית מדרש, אָדער די שטאָט שוהל פול געוואָרען מיט אידען. מען איז געווען אויפגעפאַקט, אָפגעטראָטען די פיס איינער דעם אַנדערען, צוקוועטשט די זייטען. אָבער שאַ און שטיל. יעטווידער האָט נאָר

געוואָלט זיין אין שוהל. וואו פים? וואו זייטען? מען דארף דאָך עפּעס הערען די שבת הגדול'דיגע דרשה.

**ס'איז געקומען דער מאָמענט,** ווען דער רב איז אריין אין בית המדרש. מען האָט איהם אריבערגעטראָגען בכבוד איבער'ן עולם. ער איז ארויף אויף דער בימה, לעב'ן ארון הקודש. דער עולם האָט זיך ווי איינס געגעבען נאָך אַ שטופּ. דער שמש האָט געגעבען אַ קלאַפּ אין באַלעמער. ס'איז געוואָרען שטיל. מען האָט געקענט הערען אַ זשומזשע פון אַ פליג. אַלע פאַרזאַמעלטע אידען האָבען אָנגעשטרענגט זייערע אויערען און אויגען נישט צו פאַרלירען דעם רב'ס אַ וואָרט, און נישט צו פאַרלירען אַ קוק אויפ'ן רב'ס געזיכט. דער רב האָט אָנגעפאַנגען זאָגען אַ רמב"ם, און האָט פיעל קשיות געפרעגט אויף דעם רמב"ם פון גמרות, בבלי, ירושלמי. ער האָט אויפגעוויזען, אַז דער רמב"ם איז זעהר שווער. פון יעדער קשיא, וואָס דער רב האָט געבראָכט אויפ'ן רמב"ם, האָט פשוט ביי דעם עולם זיך די הערצער אָפּגעריסען פון עגמת נפש, וואָס וועט זיין מיט דעם רמב"ם. יעטווידער איד איז געשטאַנען מיט פאַרצווייפלונג. די געזיכטער ביי יעטווידערען איז בלייך געוואָרען פון גרויס עגמת נפש, וואָס וועט זיין מיט דעם שווערען רמב"ם? נאָך די אַלע קשיות אויפ'ן רמב"ם, האָט דער רב אַ שאַר געטהאָן מיט זיין בלייכער האַנט אויף זיין גרויסען צוקנייטשטען שטערען, און מיט גרויס פאַרטיפקייט גענומען זיין שעהנע זילבערנע, גרויע באָרד

אין האַנט, און דערביי געזאָגט עטליכע טרייסט-ווערטער צום עולם מיט דיזען לשון: „רבותי, שרעקט זיך נישט, בעזר השי״ת דער רמב״ם איז רעכט״. און האָט גע-בראַכט גאַנצע אַרמעען צו הילף דעם רמב״ם, רשב״א׳ם ריטב״א׳ס, ר״נ׳ס, נודע ביהודה׳ס, חתם סופר׳ס און ר׳ עקיבא אייגער׳ס, און דער רמב״ם איז געוואָרען הונדערט פּראָצענט רעכט. ביים גאַנצען עולם האָט זיך געוויזען אַ פרייליכקייט אויף די פּנים׳ער. מען האָט גע-זעהן ווי ביי יעטווידען אידען אין בית המדרש האָט זיך געריטעלט דאָס געזיכט פון שמחה, וואָס, ברוך השם, דער רמב״ם איז רעכט געוואָרען. ווען עס וואָלט געווען אידישליך צו וואַרפען בלומען, וואָלטען זיי געווים דעם רב פאַרוואָרפען מיט בלומען. נאָר דאָס האָט מען גע-מערקט, ווי פון יעטווידען אידען׳ס האַרץ און נשמה האָט זיך געטראָגען אַ קוש מיט אַכטונג צו זייער רב. יעטווידער איד באַזונדער האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געסמאַקעוועט מיט די ליפּען. עס האָט זיך ביי איהם אינעווייניג גערעדט די ווערטער: לעבען זאָל אונזער הייליגער רב, דאָס איז אַ גאון, לאַנגע יאָהרען זאָל ער האָבען. קאָנען אַנדערע מיינען, דאָס ביי דעם רב׳ס דרשה זענען געווען גדולי ישראל, וואָס זענען געווען קלאָר ש״ם און רמב״ם, איז דעריבער האָבען זיי נישט געפילט גוט, ווען דער רמב״ם איז שווער געווען, און ווען דער רב האָט געמאַכט רעכט דעם רמב״ם, איז זיי גוט געוואָרען. ניין, ביים רב׳ס דרשה זענען מערסטענס געווען געוויינליכע אידען פון אַ גאַנץ יאָהר: קרעמער,

שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס און אַזוי ווייטער. די אידען זענען נישט געווען קלאָר אין די רמב״ם׳ם מיט די גמרות.

**פרעגט זיך די פראַגע,** ווארום זענען די אידען גע־ווען אַזוי פאַרזאָרגט, ווען זיי האָבען גע־הערט, דאָס דער רמב״ם איז שווער, און פריילֿיך געוואָ־רען, ווען דער רמב״ם איז רעכט געוואָרען? נאָר מען קען דאָס אויפקלערען מיט דיזער ערקלערונג. צום ביי־שפּיעל, ווען מיר געהען דורך אַ פּאַרק, אָדער אַ פּאָבליק סקווער זעהען מיר פערשידענע מאָנומענטען ברעסענע אָדער שטיינערנע פון גרויסע פּערזענליכקייטען, ווי די ערשטע אמעריקאנער פּרעזידענטען: דזשאָדזש וואַ־שינגטאָן, אברם לינקאָלן, פריינקלין, דזשעפערסאָן און אַזוי ווייטער. מיר שטעלען זיך אָפּ באַטראַכטען די מאָנומענטען, וואָס פאַר אַ קונסטליכע סקולפּטור עס ליגט אין דער אַרבייט. דאָס זעלבע פּאַסירט ווען מיר געהען אין אַ מוזעאום. מיט שטעלען זיך אָפּ קוקען צו באַטראַכטען בילדער, אַרבייט פון די גרויסע וועלט־באַריהמטע כודאָזשניקעס, ווי צום ביישפּיעל, רעמ־בראַנטס, ראַפאַעלס. אויך פּאַסירט, ווען מיר געהען פאַרביי, וואו עס הערט זיך מוזיק און מיר שטעלען זיך אָפּ זיך איינהערען די סימפאָני, וואָס דער אָרקעסטער שפּילט אוים פון וועלכען גרויסען קאָמפּאָזיטאָר, ווי צום ביישפּיעל מייערסבערס, מענדעלסאָנס, באכמאנס.

געוויינליך דענקען מיר, אַז די קינסטלער זענען די, וואָס זיי האָבען געשאַפען די קונסט, די מאָנומענטען, די בילדער און קאָמפּאָזיציעס, אָבער דער צוהערער, דער צוקוקער פון דעם איז אַ געוויינליכער מענטש. אָבער אין דער ריכטיגקייט איז, דאָס די מענשען, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין דער קונסט, זענען אויך קינסטלער. דער מענטש וואָס קען זיך אָפּשטעלען לעבען דעם מאָנומענט פון פּרעזידענט וואַשינגטאָן און ער באַטראַכט די אַרבייט פון סקולפּטור, און ער פאַרשטייט די קונסט, און עס רופט אַרוים ביי איהם באַוואונדערונג און ער קומט צום געדאַנק, צו לעזען פון דער אַרבייט די גאַנצע היסטאָריע און כאַראַקטער פון וואַשינגטאָן׳ען, ר׳לעזט פון די גרויסע קיילעכדיגע אויגען מיט די שעהנע גרויסע האָר פון קאָפּ די גרויסמוטיגקייט פון איהם, דאָס גלייכען ווען ער באַטראַכט לינקאָלנס מאָנומענט, ער באַטראַכט פיעל דעמאָקראַטישע שטריכען וואָס דער סקולפּטאָר האָט אריינגעגעבען אין דעם געזיכט פון דעם פּרעזידענט, באַטראַכטענדיג דעם געזיכט מיט די טיפע אויגען, מיט דעם צוקנייטשטען שטערען, לעזט ער אַראָפּ דאָס די דאָזיגע פּערזאָן איז אַ באַפרייער פון שקלאַפערייַ, אַן עניו, אַ מענטשען ליבהאָבער און דאָס גלייכען. דער באַאָבאַכטער פון די בילדער, וואָס עס האָט אַמאָל געמאָלען ראַפאַעל, אדער רעמבראַנד, אַז ער קען לעזען און פאַרשטעהן דאָס לעבען און די שעהנקייט פון דער נאַטור, וואָס ליגט אין די בילדער. דאָס גלייכען דער

מענש, וואָס קען שטעהן לעבען א פענסטער זיך איינ־
הערען די קאָמפּאָזיציע פון דעם קינסטלער, וואָס דער
אָרקעסטער שפּילט, און צוהערענדיג זיך, פיהלט ער
נישט וואָס ארום איהם טוט זיך, ער קען אזוי אין דעם
גרעסטען פראָסט שטעהן שעה׳ן און נישט פיהלען, ווי
ער פריהרט אָפּ זיינע אויערען, די באגייסטערונג פון
דער קאָמפּאָזיציע פיהרט איהם אוועק אין אנדערע
וועלטען, — דאַרפען מיר וויסען דאָס די מענטשען
וואָס זיינען אזוי פיעל פאראינטערעסירט און
פאַרשטעהען אָפּצושאַצען די קונסט, זענען די מענטשען
אויך קינסטלער, נאָר פאַרוואָס קענען זיי נישט שאַפען
די קונסטען, די מוזיק, די סקולפּטור, די כודאָזשעסטוואָ?
דאָס איז צוליב געוויסע סיבות, אורזאכען, וואָס האָט
זיך געשאַפען אין זייער לעבען, און האָט נישט געלאָזען
ענטוויקלען זייער באַגאַבטקייט. און דאָס איז געבליבען
ביי זיי אינעוויינינג, אין זייער נשמה, אין זייער גייסט,
נאָר ביי געוויסע מאָמענטען, ווען זיי טרעפען זיך מיט
דער קונסט, פלאַקערט זיך אויף ביי זיי די קונסט, און
זיי פליהען צוזאַמען מיט דעם קינסטלער . . .

מיט דער ערקלערונג פאַרשטעהען מיר דעם כאַ־
ראַקטער פון אונזערע אידען פון דער אַל־
טער היים, ווען זיי האָבען זיך איינגעהערט דעם רב׳ס
פלפול. פאַרוואָס זענען זיי געווען אומעטיג, ווען דער
רב האָט זיי ערקלערט, אַז דער רמב״ם איז שווער, און
זייער פריילכקייט, ווען דער רב האָט זיי רעכט געמאַכט

דעם רמב״ם? ווייל לויט ווי מיר האָבען געקענט די פאַראינטערעסירונג פון יענע אידען, איז ביי יעטווידע־רען פון די צוהערער פון דער דרשה, געווען אַ פּרעדים־פּאָזיציע צו זיין א למדן, פול מיט ש״ס, מיט רמב״ם און פוסקים. אינעווייניג, אין זיין נשמה, איז יעטווידער איד געווען אַ גדול בישראל. נאָר פאַרוואָס האָבען די אידען אַליין נישט געקענט פרעגען אויפ׳ן רמב״ם די אַלע קשיות און פאַרענטפערען? אין דעם איז געווען אַ סיבה, אָדער געווויסע סיבות. אַ טייל זענען געבוירען געוואָרען ביי זעהר אָרימע עלטערען, אנדערע זענען פאַר־יתומ׳ט געוואָרען יונג, זיי האָבען נישט געהאַט ווער עס זאָל מיט זיי לערנען, אָדער ווער עס זאָל צאָהלען שכר למוד פאַר זיי, זענען זיי נעבעך געבליבען נישט ענטוויקעלט, אָבער אינעווייניג, טיף אין זייערע נשמות איז געווען כל התורה כולה. און יעדער אידענס נשמה און האַרץ איז געווען פול מיט ש״ס און פוסקים, נאָר זיי האָבען דאָס ניט געקענט אַרויסגעבען. די קונסט איז ניט אַנטוויקעלט געוואָרען ביי זיי, צוליב אומשטענדען פון לעבען. דערום ביי דער געלעגענהייט, ווען דער הייליגער רב איז אַרויף אויף דער בימה און האָט אָנגעצונדען דעם הייליגען פייער פון דער תורה, האָט זיך אַ קוועטש גע־טהאָן דער עלעקטרישער קנאָפּ (באָטען) פון די אידענס הערצער און עס האָט זיך קאָנעקטעט צוזאַמען מיט׳ן רב און מיט׳ן באַרג סיני, און עס איז געוואָרען אַ ריכטי־גע מתן תורה.

מיט דעם געדאַנק איז אונז פאַרשטענדליך, וואָס אַ סאַך מענשען פאַרשטעהען נישט און זיי פרעגען מיט באַוואונדערונג אויף דעם, ווען זיי זעהען מאַנכעס מאָל גרויסע גאונים, וואָס שטאַמען פון גאָר גע־וויינליכע פּראָסטע עלטערען, באַוואונדערען זיי דאָס און פרעגען די פראַגע: פון אַזאַ איינפאַכען מענטשען זאָל אַרויסקומען אַזאַ גאון עולם? אָבער אין דער ריכטיג־קייט מאַכען זיי אַ טעות, ווייל מעגליך דאָס דעם גאונ'ס פאָטער אָדער זיידע, וואָס האָט זיך פאַר אונזערע אויגען געזעהן, ווי אַ געוויינליכער שניידער אָדער שוסטער, איז אין דער ריכטיגקייט אויך געווען אַ גאון עולם, נאָר צוליעב די אומשטענדען פון לעבען, צוליב אָרעמקייט, אָדער אַנדערע סיבות, האָבען זיך זיינע כשרונות און גרויסקייט נישט אַרויסגעוויזען, נאָר זענען געבליבען אינעווייניג, טיף אין דער נשמה, אין הארץ, אין בלוט, נאָר ביי יעדער געלעגענהייט ווייזט זיך דאָס אַרוים ביי די קומענדיגע דורות. דאָס ערקלערט אונז דער נביא מיט זיינע ווערטער: „וכל בניך למודי ה'", דאָס ווען מיר זענען נאָך קינדער פון ג־ט, מיר שעצען און פילען די גרויסקייט פון דער תורה, איז דאָס דער באַווייז, דאָס טיף אין אונז, אין אונזער נשמה, אין אונזער הארץ, אין אונזער בלוט, איז דורכגעדרונגען מיט תורה.

# דער כח פון צדקה

## מיר זענען געוואָרען צו שאַנד און צו שפּאָט ביי די פעלקער

**אונזערע שונאים שפּעטען אָפּ פון אונז:** אין איינע פון זייערע צייטונגען האָב איך געלעזען אַן׳אַרטיקעל, וואָס איינער פון די צוררי היהודים האָט געשריבען מיט פּאַראַכטונג פאָלגענדעס: די אידען האָבען שוין נישט מיט וואָס צו שטאָלצירען און צו זיין די מעכטיגע און אונז צו שרעקען יעדעס מאָל מיט׳ן כח פון זייער געלד, מיט זייערע רייכע, די גאָלד־געטער, מיט זייערע ראָטשילדס און די איבעריגע אידישע מיליאָנערען, וואָס געפינען זיך אין די פאַראייניגטע שטאַטען. עס האָבען זיך געענדיגט פאַר די אידען די גוטע צייטען, זייער גאָלדענע עפּאָכע. מיר האָבען שוין נישט מעהר וואָס צו שרעקען זיך פאַר זיי. זייער מאַכט און שטאָלץ איז שוין צובראָכען געוואָרען. די ראָטשילדס זענען שוין נישט מעהר וואָס אַמאָל געוועזען, און זייערע רייכע ברידער אין די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען שוין פאַרלוירען זייערע מיליאָנען, און אַז עס איז געפאַלען דער שטיצער, איז ממילא געפאַלען אויך דער געשטיצטער.

זאָלן שיטען אונזערע שונאים אויף אונזערע וואונדען, נישט געגוג די נויט און אָרעמקייט, וועלכע מיר ליידען אַז עס איז כמעט נישטאָ קיין ווינקעל אויף דער ערד, וואו מיר זאָלען נישט זיין די געדריקטע און די געפּלאָגטע, מזען מיר נאָך הערען דעם שפּאָט און די פאַראַכטונג, וואָס אונזערע שונאים גיסען אויס אויף אונז, „ראה והביטה חרפתנו" (זעה ג־ט און קוק־צו אונזער שאַנדע). איין איינציגען ברודער האָבען מיר אויף דער וועלט, וועלכער איז אונז געווען בייהיל־פיג אום צו לינדערען דעם הונגער און נויט, וועלכער הערשט ביי אונז, אָבער צו אונזער גרויסען באַדויע־רען, איז אויך דער דאָזיגער רייכער ברודער מיטגע־שלעפּט געוואָרען מיט'ן שטראָם פון דער צייט. אונ־זערע ברידער אין די פאַראייניגטע שטאַטען זענען אויך אַראָפּ פון זייער וואוילשטאַנד. אמת, די גאַנצע וועלט איז געשלאָגען געוואָרען מיט אַן עקאָנאָמישען קריזיס, אָבער עס איז נישט גלייך זייער בראָך צו אונזער בראָך, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סוכה, דף כ"ט, „תניא, רבי מאיר אומר: בזמן שהמאורות לוקין, סימן רע לשונאיהם של ישראל, מפני שמלומדין במכותיהם. משל, לסופר שבא לבית הספר ורצועה בידו. מיד דואג מי שרגיל ללקות בכל יום, הוא דואג". (רבי מאיר זאָגט: אין דער צייט, ווען עס איז דאָ אַ לקוי חמה, אָדער אַ לקוי לבנה, איז דאָס אַ שלעכטער סימן פאַר די שונאים פון די אידען, ווייל זיי זענען שוין געוואוינט צו „לקוי", צו קלעפּ. אַ משל צו אַ מלמד, וואָס קומט

אַריין אין חדר מיט אַ קאַנטשיק אין האַנד, שרעקט זיך דער אינגל, וואָס איז געוואוינט אַלע טעג צו קריגען קלעפּ). רבי מאיר'ס מאמר איז אַ לעבעדיגער סימבאָל. מיר זעהען בחוש, ווי דער אַלגעמיינער קריזיס האָט באַדעקט די גאַנצע וועלט מיט פינסטערניש. אויף יע־דען פּנים ליגט אומעט. די ליכט פון בילדונג, וועלכע האָבען באַלויכטען עטוואָס די וועלט, זענען פאַרלאָ־שען געוואָרען. די אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע איז געוואָרען הינטערשטעליג. אַ פינסטערניש האָט באַ־דעקט די ערד. די וואַלד־חיות שרייען און פאָדערען זייער שפּייז. די פינסטערניש דינט פאַר די מערדער און רויבער אַלס פאַנצער, זיך צו באַשיצען און צו טהון זייער אַרבייט אָהן שטערונג. און ווער איז נאָך אַזוי געוואוינט צו זיין דער באַרויבטער, ווי מיר? מיר גע־דענקען דעם מיטעלאַלטער, יענע פינסטערע צייטען שטעהען אונז נאָך פאַר אונזערע אויגען. איז דעריבער ווען ס'קומט נאָר אַ פינסטערע צייט אויף דער וועלט, נעמט אונז אַרום אַ שרעק און אַ ציטערניש.

הוי, פינסטערניש! פינסטערניש! דו שלעכטער סימן, „שומר מה מלילה", דו וועכטער, וואָס הערט זיך פון דער נאַכט? רבונו של עולם, ווי לאַנג נאָך? „למה יאמרו הגוים איה אלקיהם"? צו וואָס זאָלען די גוים זאָגען, וואו איז זייער ג־ט?

## אונזער ג-ט לעבט און עקזיסטירט, איז אונזער האָפנונג נישט פאַרלאָרען

**אָבער נאָך אַלעמען** לאַכען מיר פון אייך, שונאי-ישראל, וועלכע די פינסטערניש איז אייך ליבער, ווי די ליכטיגקייט. עס איז אייך ליעבער דאָס שלעכטס, ווי דאָס גוטס. אמת, מיר ליידען טאַקע, אָבער נישט אייביג וועט די פינסטערניש באַדעקען די ערד. מיר האָפען, אַז עס איז שוין נאָהענט דער טאָג, וועלכען ג-ט האָט אונז צוגעזאָגט דורך דער נביא: „אַז יבקע כשחר אורך" (דיין ליכט וועט אויפשיינען, ווי דער פריהמאָרגען), און די פראַגע, וועלכע זיי פרעגען, וואו איז זייער ג-ט? — אינטערעסירט אונז נישט, וואָרום ג-ט איז מיט אונז.

**מען דערצעהלט:** איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ שרפה אין אַ דאָרף. עס זענען פאַרברענט געוואָרען אַלע הייזער און שייערען. אַלע פויערים פון דאָרף האָבען ביטער געוויינט אויף זייער אומגליק. נאָר דער איינציגער איד, וועלכער האָט געוואוינט אין דעם דאָרף, ער האָט נישט געוויינט. נאָר אַלע ווילע האָט זיך געהערט פון זיין מויל די ברכה „שלא עשני

גוי". די פויערים, וועלכע זענען נעבען איהם געשטאַ־נען האָט דאָס זיי די זאַך פאַרדראָסען און האָבען צו איהם געזאָגט: דיין פאַרמעגען איז דאָך פאַרברענט געוואָרען, איז נישט גענוג, וואָס דו ווייינסט נישט, איז נאָך קענטיג אויף דיין פנים אַ פרייליכקייט. האָט זיי דער איד געענטפערט: פון מיר ביז אייך איז אַ גרוי־סער אונטערשיד. ביי אייך, אַז עס זענען פאַרברענט געוואָרען די ווענט פון אייערע הייזער, איז צוזאַמען פאַרברענט געוואָרען אויך אייער ג־ט, וועלכער איז גע־האַנגען אויפ'ן וואַנט (דאָס איז צו די גויים, פון די וועל־כע האָבען געגלויבט אין געצענדינעריי), אָבער מיין ג־ט איז דאָך נישט געהאַנגען אויפ'ן וואַנט, זיין אָרט איז אין די הימלען, און ווען מיינע ווענט זענען פאַר־ברענט געוואָרען, איז צוזאַמען מיט זיי מיין ג־ט נישט פאַרברענט געוואָרען. און אויב אַזוי, וואָס דאַרף איך זאָרגען. עס איז פאַרברענט געוואָרען מיין פאַרמעגען, וועל איך זיך באַקלאָגען פאַר מיין ג־ט אויף מיין שלעכ־טער לאַגע, און ער וועט געווים מיר שיקען זיין הילף. דער שאָדען וועט זיך מיר אומקערען.

**עהנליך** צו דער ערצעהלונג געפינען מיר אויך אין דער גמרא, סוכה דף כ"ט, דאָרט ווערט גע־בראַכט פאָלגענדעס: עס איז נישטאָ קיין נאַציאָן אויף דער וועלט, אַז ווען זי ווערט געשלאָגען, אַז אויך איהר גאָט זאָל נישט געשלאָגען ווערען צוזאַמען מיט איהר, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק: „ובכל אלהי

מצרים אעשה שפטים" (און אין אַלע געטער פון מצרים וועל איך טהאָן מיינע משפטים). די גמרא זאָגט אונז וועגען די פרעמדע געטער, און די זאַך איז פאַרשטענדליך. אַלע נאַציאָנען האָבען זיך באַשאַפען זייערע געטער, און נישט די געטער האָבען זיי באַשאַפען. קומט דאָך אויס, אַז זייערע געטער זענען אָפּהענגיג פון זיי, אַז ווען זיי פאַלען, איז גלייכצייטיג פאַלען מיט זיי צוזאַמען די געטער אויך, לויט'ן מאמר: „נפל עוזר, נפל עזור", (ווען דער העלפער פאַלט, פאַלט מיט איהם אויך דער געהאָלפענער). אָבער מיר, וואָס אונזער ג-ט האָט אַלעם באַשאַפען, און מיר זענען די שאַפונג פון זיינע הענד, אונזער ג-ט לעבט און עקזיסטירט אייביג. דעריבער איז אפילו אין די ערגסטע צייטען, פאַרצווייפלען מיר נישט, ווייל אונזער ג-ט אין הימעל, דער שעפער פון ליכט און פינסטערניש, מאַכט פרידען און באַשאַפט אַלץ, וועט אויך מאַכען שיינען די זון אויף אונז, די רויב-חיות וועלען זיך פאַרשטעקען אין זייערע לעכער, און דער מענש וועט ארויסגעהן צו זיין אַרבייט. מיר וועלען נאָך זוכה זיין צו זעהן די אַרבייט פון דער מענשהייט. אונזער ג-ט איז נישט אָפּהענגיג אין אונז, און נישט אין קיין שום צופאַל. ער האָט באַשאַפען „יש מאין" (וועזענליכעס פון ניכטס), האָט אונז געשפּאָלטען דעם ים, האָט אונז געגעבען ברויט פון הימעל, מיר האָבען זיך אויף וועמען צו שטיצען.

## באַצווינגט די נאַטור

**ביי אַן אַלגעמיינעם קריזיס** דאַרפֿען מיר זיך באַ-
נוצען מיט די אַלטע אויסגעפּרובירטע
מיטלען אונזערע, ווי ס׳ווערט געבראַכט אין מסכת
תענית, דף ט׳: „ואמר רבי יוחנן: מאי דכתיב, „עשר
תעשר" — עשר בשביל שתתעשר". רבי יוחנן האָט
געזאָגט, וואָס באַדייט דער דאָפּעלטער לשון פֿון „עשר
תעשר"? עשר, — גיעב אָפּ אַ צענטעל פֿון דיין פֿאַר-
מעגען, וואָס דורך דעם וועסטו רייך ווערען. און נאָך
ווערט דאָרט געבראַכט: אַבוואָהל עס איז געשריבען
אין דער תורה „לא תנסו את ה׳", מען טאָר נישט פּרו-
בען ג-ט, אָבער מיט מעשר, מעג מען פּרובען ג-ט, ווי
עס ווערט געזאָגט (מלאכי ג׳): „הביאו את כל המעשר
אל בית האוצר, ויהי טרף בביתי, ובחנוני נא בזאת,
אמר ה׳ צבאות, אם לא אפתח לכם את ארובות השמים
והריקותי לכם ברכה עד בלי די". (ברענגט דעם גאַנצען
מעשר אין זאַמעל-פּונקט און זאָל זיין שפּייז אין מיין
הויז, און פּרובירט מיך נאָר מיט דעם, האָט ג-ט גע-
זאָגט. אויב איך וועל אייך נישט עפֿענען די פֿענסטער
פֿון הימעל און איך וועל אייך אַראָפּגעבען ברכה אי-
בער גענוג). זעהען מיר, אַז די חכמים, זכרונם לברכה,
ווייזען אויף פֿון דער תורה און פֿון די נביאים, אַז אונז

איז ערלויבט צו פרובירען ג-ט מיט'ן געבען מעשר, אז ג-ט זאָל אונז רייך מאַכען צוליעב דעם.

**אין שולחן ערוך**, יורה דעה, סימן רמ"ז און רמ"א ווערט געבראַכט, אז אויך ביי מעשר פון געלד, מעג מען פרובירען ג-ט. לויט דעם האָבען מיר אַ גוטע עצה פטור צו ווערען פון דעם אַלגעמיינעם קריזיס מיט דעם מיטעל, וועלכע אונזערע חכמים לעהרנען אונז, אין דעם נאָמען פון דער תורה און די נביאים, און בזכות הצדקה וועט אונז ג-ט זיכער געבען רייכקייט, און וואָס פיעל מענשען באַנוצען זיך נישט מיט דעם דאָזיגען מיטעל, איז דער טעם אַן איינפאַכער, אַזוי ווי מען דערצעהלט אין נאָמען פון דעם חכם רבי אליעזר אטלאס ז"ל: „דאָרט, וואו די ציפערען רעדען הויך, דאָרט פאַרשווינדען אַלע השערות, ווי דער רויך". דער מענש זעהט מיט זיינע אויגען, אז אין זיין פאַקעט געפינען זיך הונדערט דאָלער, און ווען ער גיט אָפּ פון דעם מעשר, צעהן דאָלאַר, און אז ער וועט נאָכהער איבערצעהלען זיינע דאָלאַרען, וועט ער געפינען אָנשטאָט הונדערט דאָלער, נאָר ניינציג דאָלער. דאָס האַלט אָפּ דעם מענשען זיך צו באַנוצען מיט דעם מיטעל פון מעשר. אָבער מיר, מאמינים בני מאמינים אין דער תורה, נביאים, חז"ל, איז אונז קלאָר ווי דער טאָג, אז אויב דער נביא מלאכי האָט אונז פאַרזיכערט מיט'ן פולען מויל אין נאָמען פון ג-ט: „ובחנוני נא בזאת" (פרובירט מיר מיט דעם), וועט דער נביא, חס ושלום,

מאַכען פון ג-ט'ס וואָרט אַ ליגען? געווים, געווים איז נישטאָ קיין צווייפעל אין זיינע רייד. און אויב מען וועט פרעגען, מיר זעהען דאָך אָבער פאַרט מיט אונזערע אויגען, אַזוי ווי מיר האָבען אויבען דערמאָנט, אַז ווען מען גיט אַוועק פון הונדערט דאָלער צעהן דאָלער, בלייבט איבער אין טאַש נאָר ניינציג דאָלער, וועלען מיר אַלס ענטפער אויף דעם ברענגען אייניגע לאָגישע ווערטער און ביישפּילען, און עס וועט אויפגעקלערט ווערען, אז עס איז נישט צו צווייפלען, חס ושלום, אין זייערע הייליגע רייד, און געווים, אזוי ווי זיי האָבען געזאָגט — אזוי איז ריכטיגקייט.

## מיט דער זעלבער מאָס, וואָס דער מענש מעסט, — מעסט מען איהם

אין ילקוט תהלים און אין ילקוט ראובני ווערט געבראַכט: „הים ראה וינס. מה ראה? ארונו של יוסף". (דער ים האָט געזעהן און איז אַנטלאָפען. וואָס האָט ער געזעהן? יוסף'ס ארון). דער דאָזיגען מדרש וואונדערט אונז. משה רבנו, דער ראש פון אַלע נביאים, וואָס זיין גלייכען איז נאָך נישט געוועזען, שטעהט ביים ראַנד פון ים, און בעט דעם ים, אין דעם נאָמען פון ג-ט, ער זאָל זיך שפּאַלטען, און דער ים

הערט איהם נישט. נאָר ווי ער האָט דערזעהן יוספ'ס ארון, האָט ער זיך גלייך געשפּאָלטען. אמת, דאָס יוסף הצדיק איז געווען דער אויסדערוועהלטער פון אַלע שבטים, געקרוינט מיט'ן נאָמען צדיק, אָבער עס איז קיין צווייפעל נישט, אַז צו משה רבנו קען מען איהם נישט פאַרגלייכען. און אויב אַזוי, איז פאַרוואָס פאַר משה רבנו'ס כבוד האָט דעם ים גאָרנישט געאַרט און ער האָט איהם נישט געפאָלגט, און פאַר יוספ'ס כבוד האָט איהם יאָ געאַרט, און ער האָט זיך גלייך געשפּאָל-טען?

לויט מיין מיינונג, דאַכט זיך מיר, אַז מען קען דאָ זאָ-גען פאָלגענדעס. לאָמיר זיך נאָר באַטראַכ-טען, פאַרוואָס האָט דער ים נישט געוואָלט זיך שפּאָל-טען?

אין מדרש רבה, סדר ה' בשלח, פרשה כ"א ווערט געבראַכט: „אמר לו הים למשה רבנו, מפניך איני נקרע". (דער ים האָט געזאָגט צו משה רבנו, פאַר דיר וועל איך זיך נישט צורייסען). לויט דעם סטיל פון דעם לשון, וואָס דער ים האָט גע'טענה'ט צו משה רבנו: „איך וויל זיך נישט צורייסען", איז קאָנ-טיג, אַז דער ים האָט געשפּירט דורך דעם אַ מינדער-ווערטיגקייט, וואָס מען וויל איהם צורייסען. דער ים האָט גע'טענה'ט, דאָס ג־ט האָט ליעב די נאַטור, אַזוי ווי די תורה זאָגט אויף דעם עדות. בשעת האָט ג־ט

האָט באַשאַפען די וועלט, איז געשריבען אין דער תורה נאָך יעדער באַשאַפונג די ווערטער: „וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב" (און ג-ט האָט געזעהן, אַז אלץ וואָס ער האָט באַשאַפען איז גוט), דאָס הייסט, אַז זיין אַרבייט איז איהם געפעלען געווען. און דאָס איז אַ כלל, אַז יעדער האַנטווערקער, ווען זיין אַרבייט, וואָס זיינע הענט האָבען געמאַכט, איז איהם געפעלען, — וויל ער עס נישט פאַרניכטען.

דער רמב"ן און נאָך פיעל פון די ראשונים זענען גע-וואוינט צו זאָגען, אַז דער רבונו של עולם איז קאַרג אין נסים, ווייל ער האָט ליעב די נאַטירליכ-קייט, און אַזוי ווערט אויך געבראַכט אין מסכת שבת, דף י"ג: „ווערגען אַ מענש, מיט וועלכען עס איז גע-שעהן אַ נס, ער האָט באַקומען צוויי בריסט און האָט אַנגעזויגען זיין קינד, וואָס איז גבליבען אָהן אַ מוטער, האָט דער אמורא אביי געזאָגט, ווי מינדערווערטיג איז דער מענש, דאָס צוליעב איהם איז געענדערט געוואָרען די אָרדנונג פון מעשי בראשית. אויך ווערט געבראַכט אין נאָמען פון מגיד, דער רבי פון בית יוסף, אויף דעם פסוק: „מעט מעט אגרשנו מפניך" (ביסלעכווייז וועל איך איהם פאַרטרייבען פאַר דיר), פרעגט דער מגיד: צי איז דען ביי ג-ט נישט מעגליך צו פאַרטרייבען מיט אַמאָל, וואָס ער האָט געזאָגט ביסלעכווייז וועל איך זיי פאַרטרייבען? וואָס האָט ער עפּעס געזאָגט בים-לעכווייז וועל איך זיי פאַרטרייבען? נאָר ג-ט האָט

ליעב די נאַטירלעכקייט. דער ים האָט זיך דעריבער נישט געוואָלט שפּאַלטען, און ער האָט גע'טענה'ט, אַז ער איז אויך באַליעבט ביי ג־ט, און ער וויל נישט שטער־רען די „טבע", די נאַטור, דען עס איז אַ געזעץ פון ג־ט, אַז אויף דעם אָרט זאָל זיין ים, און ער זאָל זיך נישט רירען פון דאַנען, צוליעב דעם וויל איך זיך נישט שפּאַלטען. אָבער ווי ער האָט דערזעהן דעם ארון פון יוסף הצדיק, דער וועלכער איז געווען שעהן און יונג און זיך געפונען אין אַ פרעמד לאַנד, אָהן פריינד און באַקאַנטע, פאַר וועלכע ער זאָל זיך דאַרפען שעמען צו טהאָן עפּעס אומפּאַסענדעס, און וואָס עס האָט איהם געטראָפען אַ צופאַל, אַז זיין האַר'ס יונגע פרוי האָט אים געוואָלט פאַנגען אין איהר נעץ פון ליידענשאַפט, איז דער דאָזיגער יונגערמאַן האָט זיך באַהערשט און האָט געבראָכען די נאַטירליכקייט, און ווען זיין האַר'ס פרוי האָט איהם אָנגענומען ביי זיין קלייד, זאָגענדיג צו איהם: „שכבה עמי", און דער יונגערמאַן האָט אי־בערגעלאָזט זיין קלייד אין איהר האַנד און איז אַנט־לאָפען, — אָט פאַר דעם דאָזיגען יונגענמאַן, וועלכען האָט געבראָכען די „טבע", נאַטור, — האָט דער ים געבויגען זיין קאָפּ און ער איז געצוואונגען געווען ברע־כען זיין „טבע", זיין נאַטור, און האָט זיך לכבוד איהם געשפּאָלטען.

דער **מדרש רבה** וישב פרשה פ"ז באַטאַנט דאָס אין קורצע ווערטער: „הים ראה וינס —

בזכות, ויעזב את בגדו וינס". דער ים האָט געזעהן און איז אַנטלאָפען, אין זכות, וואָס ער האָט איבערגע-לאָזט זיין קלייד אין איהר האַנד און איז אַנטלאָפען. די כוונה פון דעם דאָזיגען מדרש איז: אַ מענש, וואָס ברעכט זיין נאַטור, ברעכט מען אויך די נאַטור צוליעב איהם.

## די זאַך, וועלכע איז שטענדיג, מאַכט נישט קיין איינדרוק

**לאַנגזאַם,** לאַנגזאַם וועלען מיר צוקומען צו אונזער ענין, דאָס הייסט צו ערקלערען, אַז דאָס מיטעל, וועלכען די חז"ל האָבען אונז געגעבען לויט דער תורה און נביאים, איז אַן אויסגעפּרובירטער. פריי-הער וועלען מיר ברענגען אייניגע ווערטער, פון וועלכע עס וועט קלאָר ווערען, אַז מען קען נישט צווייפלען אין דער ווירקונג פון דעם מיטעל.

**אין מסכת פּסחים,** דף קי"ח, ווערט געבראַכט: „קשין מזונותיו של אדם כקריעת ים סוף, דכתיב: נותן לחם לכל בשר וסמיך לו לגוזר ים סוף לגזרים". (די באַשפּייזונג פון דעם מענשען קומט אָן שווער, ווי דאָס שפּאַלטען דעם ים, ווייל עס שטעהט געשריבען: ער גיט ברויט פאַר יעדער באַשעפעניש, און נאָהענט

נעבען דעם שטעהט געשריבען: ער שניידט דעם ים אויף שטיקער). דער מהרש"א פרעגט: ווי אזוי זאָגט ער, אַז די ביידע פסוקים זענען נאָהענט, ווען עס רענד פיעל פסוקים זענען מפסיק צווישען זיי ? נאָר וואָס דען, ווייל זיי געפינען זיך ביידע אין איין מזמור, אויב אַזוי האָט ער דאָך געקענט זאָגען שווער, ווי דאָס „באַשאַפען פון הימעל און ערד", אָדער ווי „מכת בכורות" ?

**מיין איינפאַכע מיינונג** וועגען דעם איז: אַז דערי־בער פאַרגלייכט מען די באַשפייזונג פון דעם מענש צו שפּאַלטען דעם ים, ווייל די באַשפייזונג איז אַן ענדערונג אין דער נאַטור, אַזוי ווי דאָס שפּאַל־טען דעם ים, דען ווען מיר קוקען זיך צו צו דעם ענין פון עקאָנאָמיע און באַשפייזונג, זעהען מיר, אַז דאָס וואָס מיר דערמאָנען דעם נס פון דעם מן אין דער מדבר איז נאָר וועגען דעם נס, וואָס האָט געטראָפען צו די פאַרגאַנגענע דורות, ווען אין אמת'ן פאַלט דאָך אונז היינט אויך מן: אין אונזער געגענוואַרטיגען לע־בען זעהען מיר באַשיימפּערליך דאָס פאַלען מן יעדען טאָג און יעדע מינוט, נאָר איין אונטערשיד איז דאָ צווישען דעם מן אין מדבר, און צווישען דעם מן פון אונזער צייט, און נעמליך: אין דעם מדבר איז אונז געפאַלען דער מן ברויט פון הימעל, און היינט געהט אַרויף דער מן פון דער ערד, אָבער מיט דעם זענען זיי ביידע גלייך, וואָס ביידע קומען צו אונז מיט אַן אי־

בערנאַטירליכען וועג, דען ווען מיר קוקען זיך צו מיט אָפענע אויגען, ווי עס געהט אַרויף דער מן פון דער ערד, דאַן זעהען מיר אין דעם אַן ענדערונג אין דער נאַטור.

לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז אויך אויף די פּלאַנע-טען: מארס, יופיטער און ד. ג. געפינען זיך מענשען. מיר מוזען נישט דוקא זאָגען, אַז די מענשען, וועלכע געפינען זיך דאָרטען זענען אויך אין דעם געשטאַלט פון אונזער קערפער און לעבען אין די זעלבע באַדינגונגען, ווי מיר לעבען, דען עס קען זיין, אַז ביי זיי איז נישטאָ קיין עסען און טרינקען, אַזוי ווי ביי אונז. איצטער וועלען מיר זיך פאָרשטעלען, אַז אַ מענש פון איינעם פון די פּלאַנעטען, וועלכע מיר האָ-בען דערמאָנט, איז געקומען צו אונז צו גאַסט און זעהט, ווי אַ פויער אַרבייט אויפ'ן פעלד, נעמט אַ הויפען קערענדלעך תבואה און וואַרפט זיי אריין טיעף אין דער ערד. דער מענש פון די פּלאַנעטען וועט זיך פרעגען ביים פויער, וואָס ער טהוט. דער פויער וועט איהם ערקלערען דעם גאַנצען ענין פון אונזער שפּייזונג, אַז דאָס וואַקסט אונז אַרויס פון דער ערד און אַז מיר עסען דאָס, וואָס די ערד גיט אַרויס פון זיך. ער וועט איהם דערצעהלען מיט וואָס פאַר אַ וועג מיר באַקומען דאָס: מיר אַקערען די ערד און וואַרפען נאָכ-הער אריין די תבואה-קערנער אין דער ערד, און די קערנער ווערען צופוילט און נאָכהער ענטוויקלען

זיך די קערנער, און אַזוי אַרום גיט אונז די ערד איהר פּרוכט און דערפון לעבען מיר. געווים וועט זיך דער מענש פון דעם פּלאַנעט וואונדערען אויף דער גאַנ־צער ערצעהלונג. אין זיינע אויגען וועט דער פויער אויסזעהן ווי משוגע. ער נעמט עסענוואַרג, וואַרפט עס אין דער ערד, פאַרניכטעט עס מיט זיינע אייגענע הענט, לאָזט עס פאַרפוילען, מאַכט עס צו מיסט, און זאָגט, אַז פון דעם איין פאַרפוילטען קערענדעל וועלען אַרויסוואַקסען אַ סאַך קערענדלעך. וואונדער איבער וואַנדערער איז דער גאַנצער ענין פון אונזער באַ־שפּייזונג אין די אויגען פון דעם פּלאַנעטען מענטש. אָבער מיר, די מענטשען פון דער וועלט, וואָס מיר זעהען דאָס יאָהר יעהרליך, ווי די פויערים וואַרפען קערנער אין דער ערד אַריין, און פון די קערנער גיט די ערד אַרויס זאַנגען, פול מיט ווייץ, גערשטען און נאָך געוויקסען — שפּייז פאַר'ן מענש, פאַר דער בהמה און פאַר אַלע באַשעפענישען, די פעלדער ווערען באַ־קליידט מיט תבואה, און מיר וואונדערען זיך גאָר נישט אויף דעם. דאָס איז אַזוי איינפאַך אין אונזערע אויגען, אַז מיר פאַרטראַכטען זיך גאָרנישט וועגען דעם אַפילו איין מינוט. און עס פרעגט זיך: פאַר־וואָס דערמאָנען מיר יעדען טאָג דעם גרויסען נס פון דעם מן, וועלכער איז געפאַלען פון הימעל פערציג יאָהר אין מדבר, און אויף דעם מן, וועלכער געהט אונז אַרויף פון דער ערד, שוין פון טויזענטער יאָהרען, וואונדערען מיר זיך גאָרנישט, און מיר רופען דאָס

אַן מיט דעם נאָמען נאַטור, און דערמיט, וואָס מיר האָ-
בען דאָס אַ נאָמען געגעבען „טבע", נאַטור, באַפרייען
מיר זיך שוין נאָכצופאָרשען און זיך צו פאַרטראַכטען
וועגען דעם. אָבער אין אמת'ן מיט דעם וואָס מיר רו-
פען דאָס מיט'ן נאָמען נאַטור, איז נאָך נישט קלאָר
געוואָרען אום צו פאַרשטעהן עס בעסער, ווי דאָס פאַ-
לען פון מן פון הימעל. מיר דאַכט זיך, אַז אַזוי ווי
אונז איז נישט באַוואוסט דער סוד פון דעם פאַלען פון
מן פון הימעל, אַזוי ווייסען מיר אויך נישט דעם סוד
פון דעם אַרויסגעבען די שפייז פון דער ערד, נאָר מיר
וואונדערען זיך נישט אויף דעם, ווייל דאָס זעהען מיר
טאָג-טעגליך, שטענדיג מיט דער זעלבער אָרדנונג.
דעריבער מאַכט עס נישט אויף אונז דעם געהעריגען
איינדרוק, אָבער אין אמת'ן איז די באַשפייזונג, מיט
וועלכע מיר שפייזען זיך היינט, אויך איבערנאַטירליך,
אַזוי ווי דאָס שפאַלטען דעם ים. אויך האָבען מיר
ערקלערט, אַז ווער עס וויל, אַז דער אויבערשטער זאָל
פון זיינעט וועגען ענדערען די נאַטור, דאַרף דער מענש
אַליין אויך זיין אַ ברעכער פון זיין נאַטור.

## צדקה און חסד זענען העכער איבער דער נאַטור

**דער ענין פון צדקה**, דאָס וואָס דער מענש גיט פון
זיינס צו אַן אַנדער מענשען, איז דאָס אויך

אַ זאַך, וואָס איז איבערנאַטירליך, דען די נאַטור פון אַלע באַשעפענישען, איז נישט צו געבען פון זיינס צו אַנ'אַנדערען מיט זיין גוטען ווילען, נישט איינמאָל זעהען מיר מיט אונזערע אויגען, ווי איינער פון די בעלי חיים האַלט אין זיינע נעגעל שפּייז, און ווען אַ צווייטער פון זעלבען מין, וויל אויך געניסען פון דעם, וואָס ער האַלט, אַבוואָהל עס קען געווען זיין פאַר ביידען, — בייסט איהם דער ערשטער מיט זיינע ציין און לאָזט איהם בשום אופן נישט געניסען פון דעם, וואָס ער האַלט. דאָס איז אַ געזעץ פון דער נאַטור, אַז איינער וויל דעם צווייטען נישט געבען פון זיינס פרייוויליג.

**און דאָס**, וואָס דער מענש גיט צדקה, איז דאָס איבערנאַטירליך. דער כח פון צדקה געבען, וואָס דער מענש באַזיצט, דאָס איז אַ זאַך וואָס איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען פון ג-ט, אַז ער זאָל קאָנען טהאָן עפּעס וואָס איבערנאַטירליכעס, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת סוכות, דף מ"ט: רבי אליעזר זאָגט: „שמא תאמר כל הבא לקפוץ קופץ", תלמוד לומר (תהלים נ"ג): „מה יקר חסדך אלהים". אפשר ווען סטו מיינען, אַז יעדערער, וואָס וויל אַ שפּרונג טהאָן, קען שפּרינגען, דאָס מיינט, אַז יעדערער, וואָס וויל ווערען אַ בעל צדקה, קען ווערען, זאָגט דוד המלך: מה יקר חסדך אלקים, דאָס איז זעהר אַ טייערע זאַך, צו קענען טהאָן חסד, און נישט יעדער מענש איז זוכה צו דעם. פיעל מאָל מאַטערט זיך דער קאַרגער צו געפי־

נען די פּאַסענדע צייט. צום ביישפּיל, ווען מען בעט ביי דעם רייכען קאַרגען צדקה, אין זיינע יונגע יאָה־רען, פּטר'ט ער זיך אָפּ מיט דעם אויסרייד, אַז ער איז אַ גרויסער בעל משפחה, מיט קליינע קינדער, וועלכע ער מוז אויסהאַלטען. דעריבער קען ער היינט גאָרניט געבען, נאָר ער זאָגט צו, אַז ווען ג־ט וועט איהם העל־פען, זיינע קינדער וועלען גרויס ווערען, און זיי ווע־לען זיך שוין אין איהם נישט נויטיגען, דאַן וועט ער שוין אָפּגעבען פאַר היינט אויך. ענדליך איז די צייט געקומען. די קינדער זענען אויפגעוואַקסען, נויטיגען זיך שוין נישט אין פאָטער, קומט מען צו איהם, ער זאָל ערפילען זיין צוזאָג און עפּעס געבען צדקה. דאַן געפינט ער אַן אַנדער תירוץ זיך צו פּטר'ן. ער טענה'ט דאַן, אַז ער איז שוין אַן אַלטער מאַן, די קינדער האָ־בען איהם פאַרלאָזט, ער איז געבליבען איינער אַליין, נישטאָ ווער עס זאָל איהם העלפען פיהרען דעם גע־שעפט. דעריבער פאַרדינט ער היינט גאָר ווייניג, און ער איז שוין אַלט און שוואַך. אָבער מען קען זיין זי־כער, זאָגט ער, אַז ער וועט זיין געלד מיט זיך אין קבר נישט מיטנעהמען. ער וועט געבען צדקה מיט דער ברייטער האַנד. די צדקה־אַנשטאַלטען וועלען קיין שאָ־דען נישט האָבען דערפון, וואָס ער האַלט די געלד אין זיינע הענד. ער וועט אַוועקגעבען קרן מיט פּראָצענט. פאַר זיין שטאַרבען וועט ער שרייבען אַ צוואה, אין וועל־כער ער וועט איבערלאָזען אַ באַדייטענדע סומע אויף צדקה. ענדליך, קומט אָן די צייט, די לעצטע טעג פון

דעם קאַרגען דערנעהענטערען זיך, און ווידער קומט מען צו איהם און מען דערמאָנט איהם וועגען זיין צו־זאָג, וואָס ער האָט פיעל מאָל צוגעזאָגט. דאַן ענטפערט ער מיט אַ פאַרביטערטער האַרץ, אַז ער קען זיינע קינ־דער נישט באַרויבען, און ער זאָגט די ווערטער: דען וואָס בין איך, און וואָס איז מיין לעבען, מיינע טעג זע־נען שוין געצעהלטע. דאָס וואָס איך פאַרמאָג איז שוין נישט מיינס, נאָר געהער שוין צו מיינע קינדער, און דערמיט ענדיגט זיך דאָס.

**דאָס באַטאָנט** אונז רבי אליעזר: דער מענש זאָל נישט זאָגען, אמת איצטער גיב איך נישט, אָבער איך וועל אַמאָל אַ גרויסען שפרונג טהאָן, און איך וועל געבען אַ גרויסע סומע אויף צדקה מיט איין מאָהל. זאָגט רבי אלעזר: ניין און ניין! ווייל נישט יעדער מענש איז זוכה צו אַזאַ מתנה צו קענען זיין אַ בעל צדקה און צו זיין אַן אויסנאַם פון אַלע באַשעפעני־שען, ווייל „מה יקר חסדך אלקים" (ווי טייער איז דיין חסד, ג־ט)! אַט דער חסד איז אַ יקר המציאות, שווער איהם צו באַקומען, נישט יעדער איז זוכה צו דעם. מען קען זאָגען, אַז צוליב דעם רופט מען דעם מענש, וועלכער גיט צדקה מיט'ן נאָמען „בעל צדקה", וואָס די באַדייטונג דערפון איז, דער בעל הבית, דער דעה־זאָגער איבער דער צדקה, ג־ט, האָט איהם באַשאָנקען מיט דער מתנה פון חסד, ער זאָל זיין דער הערשער

איבער דער צדקה, אַז צו יעדער צייט, וואָס ער וועט וועלן אַ שפּרונג טהאָן, זאָל ער קענען אַ שפּרונג טהאָן.

לויט ווי מיר האָבען דערקלערט אין אונזער מאמר, אז די פּרנסה פון דעם מענטשען איז איבער נאַטירליך, איז אזוי אויך דאָס צדקה געבען איבערנאַ־טירליך, אויך האָבען מיר דערקלערט אז ג־ט טהוט איבערנאַטירליכע זאכען נאר מיט מענשען וואָס זיי אליין טוען גוטע זאכען איבערנאטירליך. דערמיט איז פארשטענדליך, וואָס די חכמים ז״ל ראטען אונז, זיך צו באנוצען מיט דעם מיטעל, וואָס דער נביא האָט גע־זאָגט אינ׳ם נאָמען פון ג־ט: אז אויב דער מענש וויל זוכה זיין צו ג־ט׳ס ברכה, זאָל ער זיין אָפּגעהיט צו געבען מעשר, צו פּרובירען ג־ט מיטן געבען מעשר, אויב ג־ט וועט איהם נישט עפענען די פענסטער פון הימעל אראָפּצוגיסען ברכה איבער גענוג, דען ווער עס טהוט צדקה טהוט ער א זאך וואָס איז איבערנאטירליך, און דעריבער באצאָהלט איהם ג־ט „מדה כנגד מדה״ (מיט דער זעלבער מאָס וואָס ער האָט געטאָהן), און טהוט מיט איהם אויך אזעלכע זאכען וועלכע זיינען איבער־נאַטירליך, דאָס הייסט, עס גיסט אראָב איבערגענוג ברכה צו די וואָס טהוען צדקה, און אויב מען וועט פרעגען: מיר זעהען דאָך אָבער פיעל מאָל, אז גרויסע נדבנים, וועלכע האָבען געטאָהן צדקה און חסד איבער זייערע קרעפטען, און אנשטאט צו געבען זיי די ברכה פון הימעל איז אויסגעגאָסען געוואָרען אויף זיי ג־ט׳ס

צאָרעז, און זיינען אראָפּ ביז צו דער נידעריגסטער שטופע, היינט וואו איז דער צוזאָג פון דעם נביא אין נאָמען פון ג־ט, וועלכער האָט געזאָגט „ובחנוני נא בזאת"?! (פּרובירט מיר דערמיט).

## די באדינגונגען פון צדקה

**יעדער ענין** ווען מיר קוקען אויף איהם אויבערפלעכליך, דערוועקען זיך פארשידענע פראגען, אָבער ווען מיר קוקען אויף דעם ענין מיט אדורכגעדרונגענעם אויג, דאַן פאַרשווינדען די פראַגען ווי אַ שאָטען, אזוי איז אויך מיט אונזער ענין. ווען מיר בעטראַכטען גוט די אלע באדינגונגען, וועלכע זיינען געזאגט געוואָרען וועגען דעם ענין פון צדקה, דאַן איז אלץ פאַרשטענדליך, דער נביא הושע (פרק י׳) זאָגט: „זרעו לכם לצדקה קצרו לפי חסד" (פאַרזייעט צדקה און שניידט חסד). ער רופט די צדקה מיט׳ן נאָמען זייען, מיט דער מיט איז ער אויסען צו זאָגען, אז אזוי ווי מען פאַרזייעט די קערנער אין דער ערד, זעהען אלע אז דער וואָס זייעט האָט קיין שאדען נישט דורך דעם וואָס ער באגראבט גוטע קערנער אין דער ערד, און דאָס וואָס פון אויבערפלעכליכען קוק דאַכט זיך, אז דער פאַרזייער פיהרט איבער און מאַכט צו גאָרנישט די קערנער, איז

דאָס נאָר אויבערפלעכליך, אָבער אין אמת׳ן טהוט דער פארזייער א גוטע און נוצליכע זאך, דען דורך דעם ביסעל קערנער, וואָס ער האָט באגראָבען אין דער ערד, וועט ער שפּעטער באקומען א גרויסע מאָס תבואה, עס וועלען ארויסוואַקסען זאַנגען פול מיט קערענדלאך אין די צעהנדליגע טויזענטער, אזוי איז אויך דאָס געבען צדקה, דאָס זעלבע איז דער אויבערפלעכליכער אויג זעהט, אז דער וואָס גיט צדקה פארקלענערט דערמיט זיין פארמעגען, אָבער דער סוף וועט זיין, אז דורך דער צדקה וואָס ער האָט געגעבען, וועט פארמעהרט ווערען זיי׳ן פארמעגען און זיין רייכקייט. און דאָס וואָס פיעל מאָהל ברייננגט די צדקה נישט קיין נוצען, פאר די וואָס גיבען די צדקה, בעטאָנט דאָס דער נביא מיט זיינע רייד: „קצרו לפי חסד״, דאָס הייסט אזוי ווי עס זיינען פארהאן בעדינגונגען, אין דעם ענין פון פארזייען די תבואה קערנער, מען דארף פריער אקערען, מיסטיגען די ערד, און דערנאָך זייהען, און דאָס זייהען דארף זיין מיט איין אָרדענונג לויט איהרע באדינגונגען, דאַן גיט ארויס די ערד איהר פרוכט, אָבער אויב דער פארזייהער וועט נישט ערפילען די אלע באדינגונגען וועלכע מיר האָבען דערמאָנט, איז געווים זיין גאנצע מיה אומזיסט, און ער קען זיך נישט באַקלאָגען אויף זיין ערד, אז זי איז נישט קיין פרוכטבארע. נישט די ערד, און נישט די זייהונג זיינען שולדיג, נאָר ער אליין האָט זיך שאָדען געמאַכט, מיט דעם וואָס ער האָט נישט ערפילט די באַ־דינגונגען פון זייהען, אזוי איז אויך ביי דאָס זייהען פון

צדקה, איז דאָ א סאך באדינגונגען ביי איהר זייהען, וואָס דער פארזייהער דארף זיי ערפילען.

**און די באדינגונגען** זיינען פאָלגענדע: די ספרי המדות שרייבען, אז דער וואָס גיט צדקה דארף עס געבען מיט א ליבליכען גע־זיכטס אויסדרוק. זיי האָבען געשטיצט זייערע ווערטער אויף דעם וואָס דוד המלך עליו השלום האָט געזאָגט: „כי צדיק ה׳ צדקות אהב ישר יחזו פנימו" (ג-ט איז א צדיק, דעריבער האָט ער ליב דעם מענש וואָס טהוט צדקה גלייך, וועלען זעהן זיין פנים), דאָס הייסט: בעת ער גיט די צדקה דארף זיין דער געבען אויף אזא אופן, אז דער נעמער זאָל קענען קוקען גלייך דעם געבער אין די אויגען. אויך דער געבער דארף זיין פאָרזיכטיג, אז זיין געבען צדקה זאָל נישט זיין נאָר כדי צו ווערען באוואוסט דורך איהר. דערמיט האָב איך געזאָגט, די כונה פון דער גמרא אין תענית דף ח׳ וועל־כע זאָגט דאָרט: „אין הגשמים נעצרים אלא בשביל פוסקי צדקה ברבים ואינם נותנים". דער רעגען ווערט נישט פערהאלטען, נאר צוליב די וועלכע זאָגען צו צו געבען פאר דער עפענטליכקייט צדקה, און גיבען נישט. דעם מאמר דארף מען פארשטעהן, אויב די כונה פון דער גמרא איז פשוט, אז מען מיינט די וועלכע זיינען מנדר און באצאָהלען נישט, איז דאך אויף אזעלכע מענ־שען, וועלכע זיינען נישט מקיים זייערע נדרים, איז דאך געזאָגט געוואָרען אין די חז"ל גאָר א גרויסער פערזענ־

ליכער שטראָף, נאר מיין מיינונג איז, אז די כונה פון דער גמרא איז צו זאָגען מיט דעם, דאָס די פערהאַלטונג פון רעגען קומט צוליב די מענשען וועלכע זאָגען צו אין דער עפענטליכקייט צו געבען צדקה און גיבען נישט די צדקה, ווייל זיי ווילען געבען צדקה, נאָר זיי מיינען צו געבען צוליב די עפענטליכקייט כדי צו ווערען באַוואוסט און באקומען כבוד, הייסט דאָס, אז די מנדבים פון דער קאַטעגאָריע האָבען נישט געגעבען זייער צדקה אויף דעם איבערנאטירליכען אופן, דעריבער האַלט אָפּ ג־ט דעם רעגען צוליב זיי, און ער גיט נישט די ברכה פון פרנסה צוליב אזעלכע בעלי צדקה, ווייל זיי האָבען נישט געטאָהן זייער צדקה איבערנאַטירליך. איז ג־ט טהוט פאר זיי אויך נישט קיין איבערנאטירליכעס און ער גיט נישט קיין פרנסה וואָס דאָס קומט פאַר איבערנאַטירליכעס.

**די ספרי המדות** ברענגען אין דעם ענין נאָך דעם פסוק אין משלי „כופר איש עשרו והרש לא ישמע גערה" (דאָס אויסלייזונג פון מענש איז זיין רייכטום און דער ארעמאַן הערט נישט קיין געשריי), דערקלערען זיי אויף דעם אופן: די רייכקייט פון דעם מענש איז זיין אויסלייזונג פאר דעם נפש, דאָס הייסט דערמיט וואָס ער גיט צדקה פון זיין רייכטום, אָבער איין בעדינג דארף זיין, אז דער ארעמאַן זאָל בשעת'ן געבען נים הערען קיין געשריי, דאָס מיינט, דער געבען זאָל זיין בדרך כבוד, און אין של"ה הקדוש, ביים סוף פון עניני

פורים און מגילה, אין פרק תוכחת מוסר, ברענגט די רייד פון דער גמרא שבת דף קנ״א, וואָס ווערט דאָרט געבראכט: „תניא רבי שמעון בן אלעזר אומר: עשה מה שאתה מוצא ומצוי לך ועודך בידך״ (מען האָט גע־לערענט אברייתא רבי שמעון בן אלעזר זאָגט: טהו וואָס דו געפינסט און וואָס עס געפינט זיך ביי דיר און דו בינסט נאָך אין דיין האנד). רש״י ערקלערט דאָס אויף דעם אופן: טהו צדקה ביז דו געפינסט נאך פאר וועמען צו טאָהן, און עס איז נאָך דאָ ביי דיר געלד און דו ביזט נאָך ביי זיך אין האנד, דאָס הייסט, דו ביזט נאָך אין דיין רשות איידער דו וועסט שטאַרבען. פרעגט אויף דעם דער של״ה: „געוויס דארף ער טאָהן איידער ער וועט שטאַרבען, צי דען קען ער עפּעס טאהן נאָכ׳ן טויט?״ נאָר די כונה דערפון איז: אז ער זאָל טאָהן די צדקה ווען ער איז נאָך געזונד און נישט ווי יענע וועלכע טוען די צדקה נאָר דאן ווען זיי ווערען קראנק ווען זיי געפינען זיך שוין נאָהענט צום טויט. און אויף דעם ווינקט אָן דער פסוק „אהבם נדבה כי שב אפו ממנו״ דאָס הייסט, ווען האָב איך ליעב דעם, וועלכער גיט נדבות, דאָן ווען ער טהוט דאָס אין דער צייט ווען ג־ט׳ס כעס איז פון איהם אומגעקערט, ווען ער איז ניט אין א צרה, נאָר ס׳איז איהם דאן גוט און ער גיט נדבות האָט ג־ט ליעב אזעלכע נדבות.

**עהנליך צו דעם** געפינט זיך אין „כתב סופר״ אויף דעם פסוק: „די מחסרו אשר

יחסר לו", זאָגט ער: אבוואָהל מען מעג געבען א דאלער צדקה אום זיין זוהן זאָל לעבען, אזוי ווי עס ווערט גע־בראַכט אין גמרא בבא בתרא און ראש השנה, וועגען אזא מין צדקה, אז דער געבער איז א צדיק גמור, איז דאָס נאָר אין פאַל ווען עס האָט געטראָפען אז זיין זוהן איז קראַנק געוואָרען חס ושלום, מעג מען אזא צדקה געבען אָבער נישט צו יעדער צייט מעג מען געבען צדקה אויף אזא אופן, ווייל אזא מין צדקה איז דאָך נאָר צו ערפיהלען וואָס איהם פעהלט און פאר זיינע אייגענע באדערפענישען, אָבער נישט פאר דעם ארעמאַנס באַ־דערפענישען און דאָס זאָגט דער פסוק: „די מחסרו אשר יחסר לו" (די גענוגען וואָס איהם פעהלט, גיב נישט, ווייל דיר פעהלט, נאָר וואָס דעם ארעמאַן פעהלט. און דאָס איז אויך די כונה פון נביא'ס רייד, וואָס ער זאָגט: „אשרי שומרי משפט עושה צדקה בכל עת" (גליקליך איז דער מענש וועלכער היט צו טאָהן משפט און טהוט צדקה צו יעדער צייט). דאָס הייסט, וואָס ער טהוט צדקה אין יעדער צייט, סיי אין א גוטער צייט, סיי אין א צייט ווען ער האָט חס ושלום א צרה, אָט די דאָזיגע געבערס זיינען די היטערס פון דעם „משפט הצדקה", דעם דין ווי מען דארף געבען צדקה. זיי ערפיהלען די באדינגונגען פון צדקה געבען וועלכעס זייער געבען איז נאָר לטובת דעם ארעמאַן און זיינען נישט אויסען זייער אייגענע טובה לויט דעם ווי איך האָב געבראכט פון ספרים די מדות, די באַדינגונגען, וועלכע דאַרפען זיין ביים געבען צדקה, און ווער עס וויל, אז די זריעה פון

דער צדקה זאָל איהם ברענגען די ברכה וועלכע דער נביא האָט איהם צוגעזאָגט אין נאָמען פון ג-ט, זאָל ער זעהן, אז די זריעה זאָל זיין לויט איהרע באדינגונגען און דאָן: „זרעו לכם לצדקה וקברו לפי חסד" (פארזייהט צדקה און איהר וועט שניידען לויט דעם חסד ווי איהר האָט איהם פארזייהט). אויב איהר האָט דערפיהלט די באדינגונגען וועט די ברכה געוויס קומען צו אייך. און די רייד פון דעם נביא מלאכי אין ג-ט'ס נאָמען זיינען אמת און שטאַנדהאַפטיג אונטערזוכט און אויסגעפּרו־בירט, אז דער מיטעל פון געבען מעשר איז קלאָר ווי די זון און ג-ט וועט געוויס אונז געבען די ברכה איבער־גענוג. די תורה, נביאים און חז"ל זיינען אונז באגלויבט אז יעדער וועלכער היט דעם דאָזיגען מיטעל לויט די באדינגונגען, וועט ווערען געבענשט און וועט ווערען רייך, און עס וועט אין אונז מקוים ווערען „ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה", ציון וועט אויסגעלייזט ווערען פון די פרעמדע הענט אין דעם זכות פון משפט וואָס מיר וועלען טהון און די וואָס וועלען זיך אומקערען צו ציון וועט עס זיין אין זכות פון צדקה.

מיט מיין געדאַנק, וועלכען איך האָב געשריבען, אַז איינער פון די באַדינגונגען ביי צדקה געבען איז: אַז דאָס זאָל זיין איבערנאַטירליך, האָב איך ערקלערט די רייד פון נביא ירמיהו, וועלכען זאָגט: „על כן המו מעי לו, רחם ארחמנו, נאום ה'" (דערי־בער בין איך דורכגענומען מיט רחמנות אויף איהם,

איך וועל מיך דערבארעמען אויף איהם, — אזוי זאָגט ג־ט). דער נביא דאָפּעלט דעם לשון „רחם ארחמנו". דער מיין פון דעם איז: ג־ט זאָגט, אז ער האָט ליעב אפרים׳ען, און טיעף אין הארצען האָט ער מיטלייד מיט איהם, אָבער וואָס קען מען טהאָן, אפרים האָט דאָך פאָרט געזינדיגט, און לויט דעם משפט, איז ער דאָך שולדיג, און עס קומט איהם אַ שטראָף, נאָר די עצה גיב איך איהם: „רחם", דאָס הייסט: אפרים, האָב רחמנות, זעה פלאַנץ איין ביי זיך די מדה פון רחמנות, זאָלסט רחמנות האָבען אויף מענשען און צוליעב דעם „ארחמנו", וועל איך אויף איהם רחמנות האָבען און איהם שענקען די שטראָף, דען ווער עס האָט רחמנות אויף מענשען, האָט מען אויף איהם רחמנות, ווייל דאָס רחמנות האָבען אויף אַ צווייטען, איהם צו העלפען, איז איבער דער נאַטור. איז דער מענש, וואָס איז מקיים רחם, ער טהוט איבער דער נאַטור, זאָגט ג־ט אויף דעם מענש, איך וועל פאַר איהם אויך טהאָן אזוי, „ארחמנו", כאָטש ער דאַרף דאָך ווערען באַשטראָפט, אָבער איהם קומט, דאָס מען זאָל מיט איהם רחמנות האָבען: „רחם ארחמנו, נאום ה׳".

# תורה בצבור

**ברכות דף ח׳:** „ואמר אביי: מריש הוה גרסינא בגו ביתא ומצלינא בבי כנישתא, כיון דשמענא לה, דאמר ר׳ חייא בר אמי משמיה דעולא: מיום שחרב בית המקדש אין לו להקב״ה בעולמו אלא ארבע אמות של הלכה בלבד, לא הוה מצלינא אלא היכא דגרסינא״. אביי האָט געזאָגט: פריהער פלעג איך לערנען אין שטוב און דאַווענען אין שוהל, נאָר ווי איך האָב געהערט, אז ר׳ חייא בר אמי, אינ׳ם נאָמען פון עולא האָט געזאָגט, אז פון דעם טאָג אָן, ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, האָט נישט ג־ט אויף זיין וועלט נישט מעהר ווי נאָר די פיער איילען פון הלכה, דאָס אָרט וואו מען לערענט תורה, פלעג איך שוין דאַווענען נאָר דאָרט, וואו איך האָב געלערענט.

**לויט׳ן געדאנק, וואָלטען** מיר געקאָנט זאָגען די מיינונג פון דעם מאמר: „דמריש הוה גרסינא בגו ביתא ומצלינא בבי כנישתא״, אז זיין סיסטעם איז געוועזען, אז דאָס וואָס אָנבעלאַנגט דאָס לערנען תורה, דאַרף אַ מענש טראַכטען נאָר וועגען זיין שטוב. די הויפט־זאך דאַרף ער זיך פארנעמען מיט ערציהען זיינע אייגענע קינדער, ווי די תורה זאָגט: „ושננתם לבניך״, „ולמדתם אותם את בניכם״ (איהר זאָלט לער־

נען די תורה מיט אייערע קינדער) און דאָס לערנען תורה איז נישט קיין מצוה בצבור (אין פאַרזאַמלונג פון מענשען), אַזוי ווי „תפלה", דאַווענען, נאָר יעדער „יחיד" — איינציגער מענש — זאָל לערנען מיט זיינע בני בית. דעריבער פלעגט ער דאַווענען אין שוהל און לערנען פלעגט ער לערנען אין זיין שטוב. אין ענין פון לערנען האָט ער זיך נישט באַמיהט (געטרייט) צו מאַכען דאָס לערנען געזעלשאַפטליך, ווי דעם דאַווענען. אָבער נאָכ־הער, ווען ער האָט געהערט דעם מאמר פון ר' חייא בר אמי, האָט ער זיך צוריקגעצויגען פון זיין פריהערדיגער סיסטעם. דען אין דער צייט, ווען מיר האָבען געהאַט דעם בית המקדש, האָט אין יעדען ווינקעלע גערוהט די שכינה ביי אונז. אונזער קיך איז געווען אַ מזבח. אַלעס האָט זיך דאָרט געפיהרט אין הייליגקייט און אין ריינ־קייט. דער גאַנצער שולחן ערוך חלק יורה דעה איז דאָרט געלערענט געוואָרען דורך אונזערע מוטערס. אונ־זער עס־שטוב איז געווען אַ אהל מועד. דער טיש איז געווען פול מיט תורה. דער פאָטער האָט זיך מפלפל געווען מיט די קינדער אין ג־ט'ס תורה. אויך די אורחים וועלכע זיינען געזעסען ביים טיש האָבען ארויסגעזאָגט זייער מיינונג אין די תורה־אונטערהאַנדלונגען. אויף יעדען ביס עסען זענען געזאָגט געוואָרען גאַנצע בערג דינים. וועגען אַזעלכע האָבען די חז"ל זיך אויסגע־דריקט: „אבל שלשה שאכלו על שולחן אחד ואמרו עליו דברי תורה כאלו אכלו משולחנו של מקום" (אָבער דריי, וועלכע האָבען געגעסען ביי איין טיש און האָבען ביי

איהם געזאָגט דברי תורה, איז גלייך ווי זיי וואָלטען געגעסען פון ג־ט׳ס טיש). אונזער שלאָף - צימער איז געווען קודש קדשים. קיין פרעמדער האָט נישט געהאַט קיין צוטריט צו דער הייליגקייט. געווים אַז אין אַזעלכע צייטען האָבען מיר נישט געדאַרפט זוכען אַן אָרט, וואו צו מאַכען רוהען די שכינה. אומעטום, וואו מיר און אונזער הויזגעזינד זענען געווען האָט די שכינה זיך געפונען מיט אונז. אָבער פון דעם טאָג אָן, וואָס דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, זענען אונזערע הייזער שוין נישט מעהר דאָס, וואָס זיי זענען געווען. די שכינה איז פון זיי פאַרטריבען געוואָרען. זי געפינט זיך שוין נישט מעהר אין אַלע צימערען. זי שטעהט נאָך כלומר׳שט אויפ׳ן שוועל פון דער קיך, אָבער אויך דאָרט דראָהט איהר אַ געפאַהר אַרויסגעטריבען צו ווערען, די כשרות אונזערע איז אין געפאַהר. פאַר ג־ט איז נישט געבליבען מעהר ווי די פיער איילען פון הלכה אַליין, אומעטום, וואו די שכינה האָט אַמאָל גערוהט, הערשט דאָרט היינט אַ ליידיגקייט, אַ וויסטקייט, און ווען נישט די פיער איילען פון הלכה, דאָס הייסט די ישיבות, וואָס איז אונז נאָך איבערגעבליבען, וואָלט ג־ט אינגאַנצען נישט געהאַט קיין אָרט אויף זיין וועלט.

**דעריבער:** „לא הוה מצלינא אלא היכא דגרסינא״, לערען איך און דאַווען אין איין אָרט, דאָס מיינט, אַז אויך דאָס לערנען תורה, דאַרף זיין בצבור, אין געזעלשאַפט, און נישט יוצא זיין נאָר מיט תפלה־

שוהלען, נאָר מיר דאַרפען אויך בויען בתי מדרשות און ישיבות צו לערנען אונזערע קינדער די מלחמה-קונסט, צו קענען מלחמה האַלטען די מלחמה, וועלכע אונז שטעהט פאָר פון אונזערע פיינד, וואָס מעהרען זיך פון אינעווייניג און פון אויסענווייניג.

**אין דער תפילה** פון „שמונה עשרה" האָבען די אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען צום ערשטען די ברכה אויף „דעת" און „בינה" וויסענשאַפט און פאַר־שטאַנד, ווי דער נוסח „חנני מאתך דעה בינה" און נאָכהער זענען די איבעריגע ברכות. איז דעריבער אַזוי איינגעשטעלט דער נוסח, ווייל דער עיקר אין לעבען אונזערען איז וויסענשאַפט און פאַרשטאַנד, און אָהן דעם איז דאָס לעבען נישט אַזאַ וויכטיגע זאַך, ווי דער מאמר חז"ל: „דא קני מה קני" (אַז ער האָט געקויפט וויסענשאַפט, האָט ער אַלץ געקויפט). אויך ווערט גע־בראַכט אין מסכת ברכות, דף ל"ג: „כל מי שאין בו דעה, אסור לרחם עליו", (אויף דעם וואָס ער האָט נישט קיין פאַרשטאַנד, טאָר מען אויף איהם קיין רחמנות נישט האָבען), מוז מען די ערשטע זאַך האָבען דעת, קען מען דערנאָך בעטען ווייטער.

**די תורה און וויסענשאַפט** זענען אונזערע בית המקדש, וואָס אין זיי קאָנצענטרירען מיר אונזער כח אויפצעווייזען דער וועלט, אַז סוף כל סוף „מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים" (אַז פון

ציון געהט אַרויס די תורה און ג-ט׳ס וואָרט פון ירו-
שלים). „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות״
(און זיי וועלען איבערשמידען זייערע שווערדען אויף
אקעראייזענס, און די שפּיזען זייערע אויף מעסער אַרומ-
צושניידען צווייגען). מיר מוזען אויסנוצען אונזער ווי-
סענשאַפט אויף צו בויען די וועלט.

## די טיילען פון אגדה און איהרע קאַטעגאָריעס.

**ספרי, סוף סדרה עקב**, „ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו" (צו געהן אין זיינע אַלע וועגען און זיך באַהעפטען אין איהם). ווי איז דאָס מעגליך, אַז דער מענש זאָל ארויפגעהן אויפ'ן הימעל און זיך באַהעפטען אין ג-ט, עס איז דאָך געזאָגט געוואָרען אין סדרה ואתחנן „כי ה' אלקיך אש אוכלה הוא" (דיין ג-ט איז אַ ברענענדיגער פייער). די דורשי רשומות (די וועלכע ערקלערען יעדען שטריך פון דער תורה) זאָגען: „אויב דו ווילסט קענען דעם, וועלכען האָט געזאָגט און עס איז געוואָרען די וועלט, טאָ לערנען אגדה, וואָס דורך דעם וועסטו דערקענען ג-ט און זיך באַהעפטען אין זיינע וועגען". די רייד פון ספרי, אַז די אגדה איז פון די זאכען, וועלכע פאַרנעמען אַ וויכטיגען אָרט אין די העכערע לימודים.

**די גמרא אין סנהדרין**, דף ל"ז, דערצעהלט: „רבי מאיר כי הוה דריש בפרקיה הוה דריש תלתא שמעתתא, תלתא אגדתא ותלתא מתלי" (רבי מאיר, ווען ער פלעגט דרש'ענען פאַר'ן פאָלק, פלעגט ער דרשנ'ען אַ דריטעל הלכה (דינים), אַ דריטעל אגדה און אַ דריטעל משלים). ער האָט זיך אַזוי געפיהרט, ווייל ער האָט געוואָלט צופרידענשטעלען אַלע זיינע צו-

הערער. עס זענען פאראן מענשען, וועלכע האב ליעב צו הערען דינים און עס זענען פארהאן מענשען, וועלכע האבען ליעב צו הערען דינים, און עס זענען פארהאן מענשען, וועלכע האבען ליעב צו הערען א משל.

**און עס ווערט געבראכט** אין גמרא עבודה זרה, דף י״ט: „אמר רבא, לעולם ילמד אדם תורה במקום שלבו חפץ״ (רבא האט געזאגט, אז שטענדיג זאל דער מענש לערנען תורה דארט, וואו זיין הארץ גלוסט). דער מאטיוו איז, ווייל די לעהרע, צו וועלכער דעם מענשענס הארץ ציהט, פארטיעפט ער זיך מעהר אין איהר און פארשטעהט איהר בעסער. אין דעם טייל פון הלכה האט ער נאר גע׳דרש׳נט א דריטעל, ווייל צו דעם טייל איז נישט יעדער מענש זוכה, דען הלכה דארף האבען א קלארען געדאנק און פיעל פארשטאנד. נישט יעדער איז ווירדיג און פעהיג צו פארשטעהן די טיעפקייט פון הלכה. מענשען זענען גיכער פעהיג צו הערען אגדה און משלים. דעריבער האט רבי מאיר אפגעגעבען צוויי דריטעל פון זיין דרש׳ענען אויף אגדה און משלים.

**דאס גלייכען** געפינען מיר אין מדרש רבה קהלת, אויפ׳ן פסוק: „איש אשר נתן לו אלקים עושר״ (א מענש, וועמען ג-ט האט געגעבען רייכטום), רבי ישמעאל אומר: „חכם בעיניו איש עשיר, ודל מבין יחקרנו״, דער רייכער איז אין זיינע אויגען א חכם, און

אַן אָרעמאַן, אַ פאַרשטענדליכער פאַרשט איהם — דאָס איז אַ בעל אגדה. אַ משל צו צוויי מענשען, וועלכע זע־נען אָנגעקומען אין אַ שטאָט. איינער האָט געהאַט שטיקער גאָלד און דער צווייטער האָט געהאַט קליין־געלד. דער וועלכער האָט די שטיקער גאָלד האָט נישט וואָס אויסצוגעבען אויף צו לעבען, און דער וועלכער האָט קליין־געלד האָט אויסצוגעבען אויף צו לעבען.

**עהנליך** צו דעם מדרש ווערט געבראַכט אין דער גמרא בבא בתרא, דף קמ"ה: „תנו רבנן, עתיר עתיר נכסין עתיר פומבי — זהו בעל אגדה". (די רבנן האָבען געלערענט, אַ רייכער אין גיטער און אַ רייכער מיט באַוואוסטע רייכטום — דאָס איז דער בעל אגדה). אין רש"י דאָרט ווערט ערקלערט פאָלגענדעס: „ער קומט אונז צו לאָזען הערען צוליעב דעם וואָס אגדה פאָדערט נישט קיין פאַרטיפונג, קאָן מען עס זאָגען אין יעדען אָרט".

**פון די מאמרים**, וועלכע איך האָב געבראַכט זעהט מען, אַז אגדה איז פון די למודים, וועלכע זענען גאַנגבאַר, אָבער פונדעסטוועגען זאָל די דברי אגדה נישט זיין גרינגשעצענד אין אונזערע אויגען צו מיינען, אַז מען דאַרף נישט קיין גרויס אַכט אויף דעם לייגען, און מען דאַרף צו דעם קיין לעהרער און פאַר־טיפונג נישט האָבען, אַזוי ווי אַ טייל פון המון עם (די מאַסע) דענקט.

**וועגען דעם** שרייבט דער גאון און מקובל ר' משה חיים לוצאטו זצוק"ל אין זיין ספר „מאמר על הגדות", און דאָס איז זיין לשון: אַזוי ווי דו ווייסט דאָך, אַז דאָס וואָס האָט געבראַכט די חז"ל צו שרייבען די תורה שבעל פה (די גמרא), נאָך דעם ווי עס איז גע־ווען אָנגענומען ביי זיי, אַז דאָס וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען בעל פה (אויף אויסענווייניג, מונדליך) טאָר מען עס נישט שרייבען, נאָר מען מוז דאָס לערנען פון אויסענווייניג. נאָר די חכמים האָבען זיך אַרומגעזעהן, אַז די געדאַנקען ביי די מענשען ווערען וואָס אַמאָל שוואַכער צוליעב'ן לאַנגען גלות, און די ענדערונג פון די צייטען, און דער זכרון ווערט פאַרמינדערט, און דער שכל ווערט פאַרקירצט, און מיט דער צייט וועט די תורה אין גאַנצען פאַרגעסען ווערען, דעריבער האָבען זיי באַשלאָסען צוליעב „עת לעשות לה'" וגומר (מען דאַרף צוליעב ג־ט'ס וועגען, דאָס הייסט וועגען אַ וויכ־טיגען ענין מעג מען אַמאָל פאַרבויגען אַ פּרינציפּ), אַז מען זאָל שרייבען די אַלע ערקלערונגען פון דער תורה, וואָס איז געזאָגט געוואָרען צו משה רבנו אויף אויסענ־ווייניג, כדי עס זאָל בלייבען אויף אייביג. און נאָך האָ־בען זיי באַטראַכט און געזעהן, אַז אַזוי ווי זיי זענען געווען באַזאָרגט איבער דעם טייל פון די געזעצען, די מצוות פון דער תורה, האָבען זיי דאָך געדאַרפט באַ־זאָרגט זיין וועגען דעם טייל סתרי התורה, דעם חלק פון די סודות פון דער תורה, די סעקרעטע ענינים פון דער תורה, אַזוי ווי אגדה, די הויפּט־פּונקטען פון דער

געטליכקייט, וואָס איז נישט אַלעמען באַוואוסט. אָבער דאָס וואָס זיי האָבען געפונען פאַר נויטיג צו מאַכען ביי דעם חלק התורה פון די מצוות און דינים איז נישט צו־געפּאַסט פאַר דעם חלק פון סודות התורה, ווייל די ער־קלערונגען פון די מצוות און דינים, אויב זיי ווען דאָס אויפשרייבען אין אַ ספר, אָפען פאַר יעדען לעזער וועט דאָס גאָרנישט שאַדען, אָבער דער חלק פון די סודות איז נישט געוואונשען עס זאָל איבערגעגעבען ווערען אָפען פאַר יעדען איינעם, צוליעב זייער שכל׳דיקייט און זייער טיעפקייט. און באמת זענען דאָך די דאָזיגע ענינים זעהר טיעף, און זיי ווען נישט האָבען ביי דעם קיין ערפאָלג, נאָר די מענשען, וועלכע באַזיצען אַ קלאָ־רען שכל און זיינען געלעהרטע דענקער, און אויב עס וועלען זיך צו דעם נעמען לערנען פאַרגרעבטע שכל׳ען, וועלען זיי נאָך פאַרוואַנדלען די אמת׳ע און טייערע ענינים אין פעהלערהאַפטע און שעדליכע געדאַנקען. דעריבער האָבען זיי באַשלאָסען צו מאַכען אַ קאָמפּראָ־מיס און נעמליך: אויפצושרייבען זיי אום זיי זאָלען נישט פארלוירען געהן פאַר שפּעטערדיגע דורות. נאָר זיי זיינען געשריבען געוואָרען מיט געהיימע וועגען, פאַרשטעלט און רעטזעלהאַפט, אז נישט יעדער זאָל קענען אזוי גרינג פאַרשטעהן. נאָר די, ווען עס וועלען איבערגעגעבען ווערען די שליסלען".

**איך האב געבראַכט** ר׳ משה חיים לוצאטו׳ס רייד כמעט אין אַ גענויער איבערזעצונג, כדי צו

ווייזען דעם אורטייל פון אַ גאון און אַ מקובל און געט־
ליכען דענקער וועגען דער טיעפקייט פון דעם חלק
התורה, וואָס רופט זיך אגדה.

**דער רמב"ם** ז"ל אין זיין הקדמה צו סדר זרעים
שרייבט פאָלגענדעס: „און דער פיערטער
ענין, דאָס מיינט דעם דרש, וואָס געפינט זיך אין תלמוד,
דאַרף מען נישט מיינען, אַז ער האָט אַ קאַנפּע ווערדע
און אַ קליינעם נוץ. באמת איז אין איהם פאַרהאַן פיעל
קלוגשאַפט, ווייל ער פאַראייניגט אין זיך רעטזעלהאַפ־
טעס, אומבאַגרייפליכעס און וואונדערליכע קאַסטבאַר־
קייטען". מיט'ן נאָמען אגדה זענען מיר געוואוינט אָנ־
צורופען אַלע מאמרי חז"ל, אויסער הלכה, ווי נזיקין,
טומאה וטהרה, און דאָס גלייכען. אָבער נישט אלע
מאמרים פון די אגדות זענען גלייך איינע צו די אַנדערע.
זיי האָבען אמת אלע איין אַלגעמיינעם נאָמען, אָבער
אין זייערע איינצעלהייטען זענען זיי איינגעטיילט אויף
פאַרשידענע חלקים. און דאָס זיינען זיי:

**דער חלק המוסר** (מאָראַל), וועגען דער אויפפיהרונג
פון דעם מענש און זיינע זיטען, דער היסטאָ־
רישער און פאָליטישער טייל, און דער טייל פון הגזמה
(איבערטרייבונג). דער לעצטער טייל איז דער אמת'ער
טייל פון אגדה, וועלכער איז באַשטימט אויף צו וועקען
דעם גייסט אין דעם מענש. און מיר וועלען זיי ערקלע־
רען לויט דער אויבענדערמאָנטער אָרדנונג:

## דער מאָראַלישער טייל און די אויפפיהרונג פון דעם מענשען

**דאָס זענען** צום ביישפּיעל פון דעם סאָרט מאמרים, וועלכע ווערען באַצייכענט אין מסכת גיטין דף ו׳: „אמר רב חסדא: לעולם אל יטיל אדם אימה יתירה בתוך ביתו, שהרי פלגש בגבעה הטיל עליה בעלה אימה יתירה והפילה כמה רבבות בישראל״ (רב חסדא האָט געזאָגט, קיינמאָל זאָל דער מענש נישט אַרויפוואַרפען קיין איבעריגע שרעק אין זיין הויז, ווייל פלגש בגבעה האָט דער מאַן איהרער אַרויפגעוואָרפען אויף איהר איבעריגע שרעק און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז צעהנדליגער טויזענטער אידען זאָלען אומקומען).

**אין מסכת פּסחים** דף ב׳: אמר רב יהודה אמר רב: „לעולם יכנס אדם בכי טוב ויצא בכי טוב״. (שטענדיג זאָל אַ מענש אַרויסגעהן אין וועג ביי דער ליכטיגקייט פון טאָג). דאָרטען דף ג׳: „אמר רבי יהושע בן לוי: לעולם אל יוציא אדם דבר מגונה מפיו, שהרי עקם הכתוב ח׳ אותיות ולא הוציא דבר מגונה מפיו, שנאמר ומן הבהמה אשר איננה טהורה״ (רבי יהושע בן לוי האָט געזאָגט: קיינמאָל זאָל דער מענש נישט אַרויסלאָזען פון זיין מויל קיין אומאַנשטענדיג

וואָרט, ווארום די תורה איז אויך געגאנגען מיט א זייטיגען וועג און האָט צוגעגעבען אַכט אותיות און זיך נישט אויסגעדריקט מיט א נישט-אנשטענדיגען וואָרט).

**אין מסכת בבא מציעא**, דף מ"ב: „אמר רבי יצחק, לעולם ישליש אדם את מעותיו, שליש בקרקע, שליש בפרקמטיא ושליש תחת ידו" (רבי יצחק האָט געזאָגט, שטענדיג זאָל דער מענש איינטיילען זיין קאַפּיטאַל אין דריי טיילען: איין דריטעל אין באָדען, איין דריטעל אין האנדעל, און איין דריטעל ביי זיך). אין מסכת חולין, דף פ"ד: „אמר רבי יוחנן: הרוצה להתעשר יגדל בהמה דקה" (רבי יוחנן האָט געזאָגט: ווער עס וויל רייך ווערען, זאָל זיך פאַרנעהמען מיט קליינפיה-צוכט).

## דער טייל אגדה אין דער פּאָליטיק

**דער טייל** פון דער אגדה פון פּאָליטיק צום ביישפּיעל: דער מאמר אין מסכת סנהדרין, דף י"ב: „והא שלחו לרבא זוג בא מרקת ותפשו נשר ובידם דברים הנעשים בלוז. ומאי ניהו? תכלת. בזכות הרחמים ובזכותם יצא בשלום. ועמוסי ירכי נחשן בקשו לקבוע נציב אחד ולא הניחו ארמי הלז". — מען האָט געשיקט צו רבא'ן אַ פּאָר תלמידי חכמים פון דער שטאָדט רקת, האָט זיי פאַרהאַלטען אַן אָדלער (דאָס

מיינט מען די פּערסיאַנער), און ביי זיך האָבען זיי גע־האַט זאַכען, וועלכען ווערען אויסגעאַרבייט אין לוז. דאָס איז תכלת (פּעדים פון ציצית). אין זכות פון רחמים (דעם אויבערשטען) און אין זייער זכות זענען זיי אַרוים בשלום, און די וועלכע שטאַמען (דער נשיא פון ארץ ישראל) האָבען געוואָלט באַשטימען איין שטאַטהאַלטער (אַ משיח), — (דאָס מיינט צוגעבען נאָך אַ חודש, מאַ־כען אַן עבור־יאָהר) — האַט יענער ארמי נישט גע־לאָזט. און נאָך מאמרים פון דעם סאָרט, וועלכע גע־פינען זיך אין ש"ס, געהערען צו דעם חלק און ווי אויך דאָס רוב מאמרים פון רבה בר בר חנה, אַזוי ווי איך האָב אָנגעוויזען אין מיין ספר.

## די מאמרים פון אגדה וועלכע געהערען צו דעם טייל הגזמה (איבערטרייבונגען)

**צו דעם** דאָזיגען חלק געהערען די מאמרים פון דעם סאָרט, וואָס מיר וועלען דאָ ברענגען ביי־שפּילען פון זיי: אין מסכת פסחים, דף מ"ט: „תניא רבי אומר, עם הארץ אסור לאכול בשר" (רבי זאָגט אַן עם הארץ (אַן אומבאַוואוסטזיניגער) איז נישט ערלויבט צו עסען פלייש). אויך ווערט געבראַכט דאָרטען: אמר

ר׳ שמואל בר נחמוני אמר ר׳ יונתן: עם הארץ מותר לקורעו כדג, אמר ר׳ שמואל בר נחמוני — ומגבו" (אַן אומוויסענדען מענש מעג מען צורייסען, ווי אַ פיש פון זיין רוקען). די אַלע מאמרים, וואָס זענען זעהר איבער־טריבען, זענען געזאָגט געוואָרען אויף פּאַר׳מיאוס׳ן און שענדען די אומוויסענהייט. עהנליך צו מיינע רייד ווערט געבראַכט אין שערי תשובות הגאונים, ר"ג אין נאָמען פון רב האי גאון וועגען די דערמאָנטע מאמרים פאָלגענדעס: „אין אלו דברי הלכות, איסור שצריכים אנו לומר בהן הלכה, ואינה הלכה אלא דברי מוסר ודרך ארץ, וספור גנותן של עמי הארץ, ומה שנאמר שם עם הארץ אסור לאכול בשר, הפירוש משחיטתו". (רב האי גאון זאָגט, דאָס זענען נישט קיין הלכות פון איסור, וואָס מיר דאַרפען זאָגען וועגען זיי הלכה און נישט קיין הלכה, נאָר דאָס זענען רייד פון מאָראַל און דרך ארץ און טאַדלונג פון די עמי הארצים, און דאָס וואָס עס ווערט געזאָגט, אַז אַן עם הארץ טאָר נישט עסען קיין פלייש, מיינט אַז מען טאָר נישט עסען פון זיין שחיטה).

**אזוי ווי** איך רעד דאָ אין מאמר וועגען רבי׳ס מאמר, וועל איך זאָגען עפּעס וועגען דעם, מיט דעם וואָס ווערט געבראַכט אין דער גמרא בבא בתרא, דף ח׳: רבי האָט אויפגעעפענט זיינע אוצרות אין אַ יאָהר פון הונגער און האָט געזאָגט: זאָלען אַריינגעהן צו גע־ניסען ביי איהם די בעלי מקרא (וואָס לערנען תנ"ך),

די בעלי משנה (די וואָס לערנען משניות), בעלי התלמוד (וואָס לערנען גמרא), בעלי הלכה (וואָס לערנען די דינים) און בעלי הגדות (די וואָס לערנען הגדה), אָבער עס זאָלען נישט אריינגעהן די אומוויסענדע מענשען. האָט זיך אריינגעשטופּט יונתן בן עמרם און איז אריינגעגאַנגען און האָט געזאָגט די ווערטער: רבי, שפּייז מיר, ווי מען שפּייזט אַ הונד, שפּייז מיר ווי מען שפּייזט אַ ראָב.

**פיעל** פון די פריידענקער קריטיקירען די דאָזיגע אויפפיהרונג פון רבי'ן זאָגענדיג, צי עס דאָס באַרעכטיגט אַזאַ האַנדלונג. אין דער צייט, ווען עס הערשט אַ הונגער אויף דער וועלט צו געבען פּאָרצוג איינעם מעהר פון אַ צווייטען, אויסצוקלייבען די יחסנים און דעם איינפאַכען מענש לאָזען ער זאָל אויסגעהן פון הונגער.

**לויט מיין מיינונג** קאָן מען וועגען דעם זאָגען פּאָלגענדעס, אַז ווען רבנו הקדוש האָט געעפענט זיינע קיכען צו געבען עסען די הונגעריגע, האָט ער געוויס אַלעם געגרייט מיט אַ ברייטער האַנד, דאָס די הונגעריגע זאָלען אַלעם האָבען, געווים פלייש אויך, ווי עס דאַרף צו זיין, אַ ריכטיגע פאָלקאָמע סעודה. רבי'ס שיטה איז באַוואוסט, אַזוי ווי מיר האָבען דערמאָנט, אַז אַן עם הארץ טאָר קיין פלייש נישט עסען (דער מאָטיוו פון דעם איז, פיליכט אויב דער מענש איז אַן אומוויסענדער, אָהן תורה און וויסענשאַפט, און ער איז אין ווי-

סען, אַזוי ווי אַ בהמה, איז נישט רעכט, דאָס ער זאָל איהר טויטען און עסען איהר פלייש), האָט רבי דעריבער באַקאַנט געמאַכט, אַז צו זיינע סעודות קענען קיינע אונוויסענדע מענשען נישט קומען, ווייל ביי איהם איז פלייש צום עסען, און רבי יונתן בן עמרם, וועלכער איז נישט איינפאַרשטענדיג געווען אין דעם מיט רבי׳ן, זיין מיינונג איז, אַז אויך דעם אומוויסענדען מענש איז ער־לויבט צו עסען פלייש. האָט ער געזאָגט צו רבי׳ן: שפייז מיר ווי אַ הונד און ווי אַ ראַב, דערמיט איז ער אויסען געווען צו זאָגען און אויפצו־ווייזען רבי׳ן, אַז אפילו דער הונד, דער ראַב, וואָס זענען דאָך די נידע־ריגסטע פון זייערע מינים, און דאָך איז זיי ערלויבט צו עסען פלייש. ביי אַ הונד געפינען מיר אין דער תורה: „ובשר בשדה טרפה לא תאכלו, לכלב תשליכון אותו” (פלייש וואָס מען געפינט אין פעלד צוריסען פון אַ חיה, זאָלט איהר נישט עסען, פאַר׳ן הונד זאָלט איהר עס אַוועקוואַרפען). אין מסכת שבת דף קנ״ה: „אמר רב המנונא, שמע מיניה, אורח ארעא למשדא אומצא לכלבא” (רב המנונא זאָגט, פון דאַנען איז געדרונגען, אַז די וועלט פיהרט זיך צו וואַרפען פלייש פאַר׳ן הונד). אין רש״י דאָרט ווערט ערקלערט: „אַז רב המנונא ווייזט אויף, אַז ג־ט האָט געזאָרגט וועגען זיין באַשפיי־זונג”. אין חידושי אגדות דאָרט איז דער מהרש״א מחדש, אַז אפילו אַ הונד, וואָס איז נישט זיינער, אָבער אין שטאָדט איז נאָר זיין הונד, קען ער געבען פלייש נישט קיין פרעמדען. ער ווייזט אויף, אַז וועגען זיין

אייגענעם הונד האָט רב המנונא נישט געדאַרפט זאָ־
גען „שמע מינה” (אז פון דאַנען איז געדרונגען), ווייל
עס איז דאָך בפירוש געלערענט געוואָרען אויבען, אַז
אפילו אום שבת גיעט מען עסען דעם הונד, ווייל עס איז
דיין פליכט איהם צו שפּייזען.

**אויך** ביי אַ ראָב געפינען מיר ביי אליהו הנביא:
„והעורבים מביאים לו לחם ובשר” (די ראָ־
בען האָבען איהם געבראַכט ברויט און פלייש). גע־
ווים איז זייער נאַטור צו עסען פלייש, און אַזוי געפינען
מיר אין מסכת בבא בתרא, דף צ"א:: „ואמר ר' אלעזר,
נהירנא, כד הוה נטל עורבא בשרא ונגיד חוטא דמשחה
מריש שורא ועד לארעא” — (ר' אלעזר האָט געזאָגט,
איך געדענק, אַז אַ ראָב האָט גענומען אַ שטיק פלייש,
האָט זיך געצויגען אַ פאָדעם פון די פעטס פון דער הויך
פון מויער ביז צו דער ערד). האָט ר' יונתן אויפמעק־
זאַם געמאַכט רבי'ן, ווי איז דאָס מעגליך, אַז אַ מענש
זאָל שטעהן אויף אַ נידעריגער שטופע פון די מינדער־
ווירדיגע באַשעפענישען.

**אַז מיר האָבען** דערמאָנט דעם ענין פון אליהו הנביא,
וויל איך באַמערקען, אַז דעריבער האָט ג־ט
אויסגעקליבען דעם ראָב פון אַלע איבעריגע פויגלען, אַז
ער זאָל זיין דער שליח צו ברענגען פאַר אליהו הנביא'ן
עסען. דער אויבערשטער האָט געמיינט צו ווייזען מיט
דעם אליהו הנביא'ן: אָט דער דאָזיגער ראָב, וועלכער
איז אַן אכזר, אַן אומבארימהארציגער, אַזוי ווי עס

ווערט געבראַכט אין דער גמרא כתובות, דף מ"ט אויף דעם פסוק „ולבני עורב אשר יקראו", אַז ג-ט שפּייזט די יונגע קראָען (ראָבען), וועלכע רופען צו איהם פון הונ-גער, די מוטער זייערע איז אומ'רחמנות'דיג צו זיי און זאָרגט נישט פאַר זייער באַשפּייזונג. האָט איהם ג-ט געוויזען, אַז אפילו ביים דעם אומ'רחמנות'דיגען עוף געפינט זיך נאָך אַמאָל די מדה פון רחמנות צו שפּייזען אַ הונגעריגען מענש. ג-ט האָט געוואָלט דערמיט שטי-לען זיין גרויסע אייפערזוכט, וואָס צוליעב דעם האָט ער פאַרהאַלטען דעם רעגען און דעם טוי, און אַנשטאָט די קנאות, האָט ג-ט געוואָלט דערוועקען אין איהם רחמנות צו זינדיגע אויך.

**מיר וועלען זיך אומקערען** צו אונזער ענין. לויט די רייד פון רב האי גאון, זענען די מאמרים אין פסחים נישט להלכה צו פסק'ענען אַ דין פון זיי, נאָר דאָס האָבען די חז"ל גערעדט בדרך הגזמה (איבער-טרייבונג), כדי צו טאַדלען די עמי הארץ. אויך געפינען מיר אַזוי אין מסכת בבא קמא, דף כ"א: „אמר רב סחורה אמר רב הונא אמר רב: הדר בחצר חברו שלא מדעתו אין צריך להעלות לו שכר משום שנאמר (ישעי' כ"ד): „ושאיה יוכת שער", אמר מר בר רב אשי, לדידי חזי לי ומנגח כתורא". (האָט רב סחורה געזאָגט אין דעם נאָמען פון רב הונא, וועלכער האָט דאָס געזאָגט פון רב'ס נאָמען, דער וועלכער וואוינט אין זיין חבר'ס הויף אָהן זיין ערלויבעניש, דאַרף ער איהם נישט צאָה-

לען קיין דירה געלד, ווייל אין פסוק שטעהט „ושאיה יוכת שער", דאָס הייסט: וויסטקייט, „ליידיגקייט" מאַכט חרוב. מר בר רב אשי זאָגט, איך האָב אַליין געזעהן דעם שד, וואָס ער רופט זיך שאיה, און ער שטייסט ווי אַן אָקס).

**דער נמוקי יוסף** דאַרטען זאָגט אין נאָמען פון רמ"ה, אַז די שטוב, וואָס מענשען וואוינען נישט אין איהר, ווערט רואינירט, אַזוי ווי אַ שד וואָלט דאַרט חרוב געמאַכט, אָבער נישט דאַרט איז דאָ אַ שד, נאָר דאָס וואָס מר בר רב אשי זאָגט, אַז ער האָט געזעהן דעם שד „שאיה" און ער שטויסט, ווי אַן אָקס, איז זיין מיין אויף די ווערים, וואָס קריגען זיך אריין אין די ווענט, אין די באַלקענס די הילצערנע, און דאָס רואינירט די הויז, אַזוי ווי אַן אָקס וואָלט געשטויסען מיט זיינע הערנער און געלעכערט די ווענט, דעם סופיט. און דאָס וואָס מר בר רב אשי זאָגט אַן אָקס מיט הערנער דאָס איז בדרך גוזמא.

**אין מסכת ברכות** דף נ"ד: דאָס עוג מלך הבשן האָט אויסגעריסען אַ באַרג וואָס האָט דריי מייל און האָט איהם גענומען אויפ'ן קאָפּ זיינעם. זאָגט אויף דעם רשב"א, אַז צייטענווייז פלעגען די חכמים ריידען איבערטריבען, ווייל ווען זיי פלעגען דרש'ענען פאַר'ן עולם פלעגט טרעפען אַז דער עולם פלעגט כאַפּען דרימלען, איז אויפצוואַוועקען דעם עולם פלעגען זיי דערצעה-

לען אַ גוזמא, אַ אויסערגעוועהנליכע זאַך, פלעגט דער עולם זיך אויפכאַפּען פון דרעמלען.

**אין מדרש שיר השירים,** ביים פסוק: „הנך יפה רעיתי", ווערט דאָרט דערצעהלט, אַז איין מאָל האָט רבי גע׳דרש׳נט און דער עולם האָט געכאַפּט איינשלאָפען, האָט ער זיי געוואָלט אויפוועקען, האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען, אז אין מצרים האָט אַ פרוי געבוירען זעקס הונדערט טויזענד קינדער מיט איין מאָל. איז דאָרט געווען איין תלמיד מיט דעם נאָמען רבי ישמעאל ברבי יוסי, וועלכער האָט געפרעגט, ווער איז דאָס געווען די פרוי. האָט ער איהם געענטפערט, אז דאָס איז געווען יוכבד, וועלכע האָט געבוירען משה רבנו, וועלכער איז געווען אזוי וויכטיג ווי זעקס הונדערט טויזענד אידען.

**און די מעשה** מיט׳ן באַרג וואָס עוג מלך הבשן האָט אויסגעריסען איז אויך נישט פשוט. נאָר געווים זיינען זיי עפּעס אויסען געווען דערמיט. און דער רשב״א ערקלערט דאָרט די מליצה פון דעם אויסגעריסענעם באַרג אויף זיין הייליגען שטייגער. אויך זייער מאמר אין מסכת פסחים דף קי״ב, געהערט צו דעם טייל פון הגזמה, וועלכער צעהלט דאָרט צווישען די פינף זאַכען וואָס רבי עקיבא האָט אָנגעזאָגט צו רבי שמעון בן יוחאי אויך דאָס, אַז ער זאָל נישט קאָכען אין דעם טאָפּ וואָס זיין חבר האָט אין איהם געקאָכט. ווען נישט

רבא, וועלכער האָט געלעבט אין אַ לאַנגע צייט ארום נאָך רבי עקיבא'ן, זאָל אונז נישט ערקלערען, אַז די כוונה פון רבי עקיבא'ן מיט דעם מאמר איז געוועזן, אַז ער זאָל נישט חתונה האָבען מיט קיין גרושה ביי איהר ערשטען מאנ'ס לעבען, וואָלטען מיר געזאָגט, אַז רבי עקיבא האָט געמיינט פשוט און אנדערע וואָלטען קריטיקירט, אַז די חז"ל פלאַנצען איין שלעכטע מדות; אַז דער אָרעמאַן האָט נישט קיין טאָפּ צו קאָכען זאָל דער וואָס האָט אַ טאָפּ איהם נישט באָרגען. אָבער ווי רבא ערקלערט, אַז זייער ריידען איז געוועזן פאַרשטעלט, אלע זייערע ווערטער איז געוועזן אויסגעפיינט מיט מליצה.

**אויך אין מסכת נדרים**, דף כ', ווערט געבראַכט: „אמר רבי יוחנן בן דהבאי ארבעה דברים סחו לי מלאכי השרת. מפרש שם אמימר מאן מלאכי השרת? רבנן. ואמאי קרו להו מלאכי השרת? דמצייני כמלאכים". (רבי יוחנן בן דהבאי האָט געזאָגט: פיער זאַכען האָבען מיר דערצעהלט די מלאכים. ערקלערט דאָרטען אמימר: ווער זיינען דאָס די מלאכים? די רבנן. און פאַרוואָס רופט ער זיי מלאכים? ווייל זיי צייכענען זיך אויס ווי מלאכים.) און אזוי געפינען מיר אויסדריקליך אין מסכת חולין, דף צ': „תנן התם תפוח היה באמצע המזבח פעמים שהיה עליו כשלש מאות כור. אמר רבא גוזמא. השקו את התמיד בכוס של זהב. אמר רבא גוזמא. (מיר האָבען דאָרט געלערנט אין אַ משנה: דער באַרג פון אש אויפ'ן מיטען מזבח פלעגט אַמאָל

טרעפען, אז דאָרטען האָט זיך געפונען אַן ערך פון דריי הונדערט כור (אַזאַ מאָס) אש. האָט רבא געזאָגט, דאָס איז אַ גוזמא. דעם קרבן תמיד פלעגט מען געבען צו טרינקען אין אַ גאָלדענעם כוס. רבא זאָגט דאָס איז אַ גוזמא). אויך אין מסכת מכות, דף י"ב, אין רש"י, ווערט געבראַכט אויפ'ן פסוק „חמוץ בגדים" פאלגענדעס: „מדמו של סמאל ואף על פי שאין המלאכים בשר ודם כתב בו הכתוב כעין הריגת האדם לשבר את האוזן מה שהיא יכולה לשמוע". (פון די בלוט פון סמאל. און אַבּ-וואהל די מלאכים זיינען נישט קיין בשר ודם (פלייש און בלוט), דאָך האָט דער פסוק אזוי געשריבען כדי דער אויער זאָל דאָס קאָנען הערען, ווייל דער מענטש פאַר-שטעהט נישט אזוי גרינג ווי דאָס הרג'ענען און זאָל קיין בלוט נישט זיין. מאָהלט מען אוים די פאַרניכטונג פון סמאל'ן אַז מען וועט פאַרגיסען זיין בלוט.) אויך געפינען מיר אין מסכת שבת, דף ל"א, וועלכעס עס ווערט דאָרט געבראַכט: „ולענין שאילה דשאילנה קדמיכון נר ונשמתו של אדם קרויה נר מוטב תכבה נר של בשר ודם מפני נרו של הקב"ה". (וועגען דעם וואָס איהר האָט געפרעגט צו מען מעג פאַרלעשען אַ ליכט אום שבת צוליב אַ קראַנקען אַ מסוכן, איז די זאַך אזוי: די נשמה פון אַ מענש ווערט גערופען ליכט, און אַ ליכט רופט מען אויך ליכט, איז בעסער זאָל פאַרלאָשען ווע-רען די ליכט פון אַ מענש פאַר דער ליכט פון ג-ט). און אין רש"י ווערט געזאָגט: „אַז נישט פון דאנען לערנען מיר אָפּ חלול שבת צוליב פקוח נפש. דאָס לערנען מיר

גאָר אָפּ פון פּסוק: „וחי בהם״ — ולא שימות בהם״. (די תורה און מצוות איז צו לעבען דורך זיי, און נישט צו שטאַרבען דורך זיי.) נאָר די גמרא ברענגט אויף דעם די מליצה מיט דער ליכט, כדי געשמאַק צו מאַכען די זאַך מיט אגדה, עס זאָל פאַראינטערעסירען. ווייל צו הערען די דרשות פלעגען קומען פרויען און עמי-הארצים און די דרשנים האָבען געדאַרפט זוכען מיט וואָס זיי צו פאַראינטעריסירען.

**נאָך אַ סאָרט** מאמרי אגדה איז פאַרהאַן אין די חז״ל וואָס האָבען אָנגעהאַנגען זייערע מוסר רייד אין פּסוקים. כאָטש יעדער איינער קען זעהן, אַז דער פּסוק איז גאָר אויסען געווען עפּעס אנדערש. אָבער אום צו פאַרשטאַרקען זייערע מוסר רייד עס זאָל מאַכען דעם געהעריגען איינדרוק, האָבען זיי גענומען דעם פּסוק אַלס גרונד צו זייערע רייד. ווי צום ביישפּיל אין מסכת כתובות, דף ה׳: „בר קפרא האָט געוואָלט וואָרענען אויפ׳ן רעדען און הערען נבול-פה, האָט ער עס אָנגע-האַנגען אָן דעם פּסוק: „ויתד תהיה לך על אזנך״. האָט ער עס גע׳דרש׳ענט: אל תקרי (זאָלסט נישט לייענען) אזנך, אלא ואָזנך (נאָר דיין אויער). אַז אויב אַ מענש הערט נישט קיין אנשטענדיגע ווערטער זאָל ער ארויפּ-לייגען זיין פינגער אויף זיינע אויערען צו פאַרמאַכען פון הערען.

**אין מסכת חולין,** דף פ״ט: „אמר רבי יצחק מאי דכתיב (תהלים נ״ח): „האמנם אלם צדק

תדברון". „האמנם" — וואָס פאַר אַן אומנות דאַרף דער מענש טאָן אויף דער וועלט? „אלם" — ער זאָל זיך מאַכען פאַר אַ שטומען, ער זאָל זיין אַ ווייניג-ריידער. וואָלט איך וועלען מיינען, אַז אויך דברי תורה זאָל מען שווייגען. זאָגט דער פסוק ווייטער: „צדק תדברון". (תורה זאָל מען יעדען ריידען.) און אין מסכת גיטין, דף ז': „אמר ליה רב הונא בר נתן לרב אשי: „מאי דכתיב (יהושע ט"ו): „וקינה ודימונה ועדעדה". אמר ליה מתוותא דארץ ישראל קחשיב. אלא רב גביהה מארגיזה, אמר בה טעמא: כל שיש לו קנאה על חברו ודומם, שוכן עדי עד עושה לו דין. אמר ליה אלא מעתה „וצקלג ומדמנה וסנסנה", הכי נמי? א"ל, אי הוה רב גביהה מבי ארגיזא הכא הוה אמר בה טעמא. רב אחא מבי חוזאי אמר בה הכי: כל מי שיש לו צעקת לגימא על חברו ודומם, שוכן בסנה עושה לו דין. (רב הונא בר נתן האָט געזאָגט צו רב אשי וואָס באַדייט דאָס וואָס אין פסוק שטעהט: „וקינה ודימונה ועדעדה"? האָט ער איהם געענטפערט: אַז דאָס רעכענט ער די ערטער פון ארץ ישראל. נאָר רב גביהה פון ארגיזא האָט אויף דעם געזאָגט אַ טעם: דער וואָס האָט עפּעס אַ פאַר-דרוס אויף זיין חבר און ער שווייגט איהם וועט איהם דער „שוכן עד", דער וואָס איז אייביג (ג-ט) שטראָפען דעם וואָס האָט איהם די פאַרדרוס געמאַכט. האָט ער איהם ווידער געפרעגט: אויב אזוי איז דאָך „וצקלג ומדמנה וסנסנה" אויך דאָס זעלבע, פאַרוואָס זאָגט מען אויף דעם קיין טעם נישט. האָט ער איהם געענטפערט:

ווען רב גביהה פון ארגיזא וואָלט דאָ געווען וואָלט ער אויף דעם אויך געזאָגט אַ טעם. רב אחא פון חוזאי האָט אויף דעם געזאָגט, דער וואָס האָט זיך צו באַקלאָגען אויף זיין חבר, אַז ער האָט איהם זיין חיונה צו גענומען (דער באַדייטונג פון וצקלג „וצק״ לעזען צעקת, איז דער טייטש געשריי. „לג״ לעזען לגימא, איז דער טייטש עסען. די באַדייטונג פון „ומדמנה״ איז ווי דומם — שווייגען; דער באַדייטונג פון „וסנסנה״ איז ווי סנה). שטעלט זיך אויף דעם דער דרש: „וצקלג מי שיש לו צעקת לגימא על חברו, ׳ומדמנה׳ — ודומם, ׳וסנסנה׳— שוכן בסנה עושה לו דין״, דער אויבערשטער וואָס האָט זיך באַוויזען צו משה רבנו אין סנה וועט זיך מיט דעם מענשען וואָס האָט צו גענומען די חיונה פון צווייטען זיך אָפּרעכענען.

**פון דעם געדאַנק** אין דער גמרא גיטין, זעהען מיר, אַז געוויס איז דער פשט אין די פסוקים צו־ווייזען די גרעניצען פון ארץ־ישראל, נאָר ער זאָגט צו איהם עס איז דאָ אויף דעם צו דרש׳ענען אויך רעיונות און מוסר וואָס מען קאָן דאָס מרמז זיין אין די פסוקים. און דאָס וואָס מיר געפינען אין ילקוט אין אָנפאַנג פון דברים: „שאל רבי יוסי בן דרמסקת לרבי יהודה ברבי למה אתה מעוות עלינו את הכתובים?״ (רבי יוסי בן דרמסקת האָט געפרעגט רבי יהודה ברבי: צו וואָס פאַרדרייסטו אונז די פסוקים?) זעהען מיר דאָך, אַז זיי האָבען נישט געליטען די איבערטריבענע דרשות. אזוי

איז אויך דאָ אין מסכת שבת, דף ס״ג: אז רב כהנא האָט געוואָלט דרש׳ענען דעם פסוק: „חגור חרבך על ירך גבור הודך והדרך״, אַז די כונה פון דעם פסוק איז אויף דברי תורה. האָט איהם אויף דעם מר בריה דרב הונא געזאָגט: „אין מקרא יוצא מידי פשוטו״ (קיין פסוק געהט נישט אוועק פון זיין ריכטיגען פשט). אויך אין רשב״ם אויף תורה, אין בראשית ל״ז, זאָגט: „אַז די ערשטע צוליב זייער חסידות זיינען געווען געניינגט צו דרשות וועלכע זיי האָבען געהאַלטען פאַר׳ן עיקר און צוליב דעם זיינען זיי נישט צוגעוואוינט געווען צו דער טיעפקייט פון דעם פשט פון פסוק״. זעהט מען דאָך, אַז די דרשות ווערען קריטיקירט. נאָר זיי האָבען געקריטיקירט די דרשות וועלכע פאַרדרעהען דעם פשט אין גאַנצען. אָבער וואו זיי האָבען דעם פשט נישט אָנגעריהרט, נאָר די איינפאכקייט פון די ווערטער האָבען זיי ערקלערט ווי זיי זענען, און דעם דרוש האָבען זיי געגעבען אַלס צוגאָבע אויסער דעם פשט. איז די דרשות האָבען זיי יאָ געגליכען.

**אזוי געפינען מיר** טאקע אין רש״י הקדוש, פרשת וארא (די ערשטע פרשה פסוק י״ב), ער זאָגט: דעריבער זאָג איך זאָל ווערען פעסטגעשטעלט דער פסוק אויף זיין פשוט׳ן מיינונג און דער דרש זאָל זיך דרש׳ענען, ווי עס ווערט געזאָגט אין ירמיהו (ו׳): „הלא כה דברי כאש נאום ה׳ וכפטיש יפוצץ סלע״, לכמה ניצוצות. (אזוי זיינען מיינע ווערטער ווי פייער

מתחלק לכמה ניצוצות. (אזוי זיינען מיינע ווערטען ווי פייער זאָגט ג-ט און ווי אַ האַמער צוברעקעלט אַ שטיין וועלכער ווערט צוטיילט אויף פיעל ברעקלאַך).

**פון די מאמרים** וועלכע איך האָב געבראַכט זיינען מיר איבערצייגט, אַז די מאמרי חז"ל און אגדה שטעהט אין דער זעלבער מדרגה מיט זייערע רייד ווי הלכה. אזוי ווי עס האָט אונז דערקלערט דער גאון מקובל ר' משה חיים לוצאטו זצ"ל, אז אזוי ווי ביי הלכה דאַרף מען זיין אויפמערקזאם און זיך פאַרטיפען, אזוי איז אויך דער טייל פון אגדה דאַרף מען זיך פאַרטיפען, און נישט יעדער קאָן צו דעם צו טרעטען, ווייל דאָ פאָדערט זיך אויך חכמה און פאַרשטאַנד צו פאַרשטעהן די טיפקייט פון איהרע סודות. די הויפט זאַך איז: אַז מען דאַרף וויסען ביי וועלכע מאמרים מען דאַרף זיך פאַרטיפען און אַרויסנעהמען פון זיי דעם געדאַנק וואָס ליגט אין זיי און אראפּגעהן פון דעם פשט, און ביי וועלכע מאמרים מען דאַרף זיך פיהרען פאַרקערט. דאָס הייסט, זיך נישט פאַרטיפען און נישט אַריינטאָן אין זיי כוונות זייטיגע, נאָר לערנען זיי בתכלית הפשטות, איינפאַך ווי זיי זיינען געשריבען.

**אין מיין יוגענט** האָב איך געהערט אַ משל וועגען דעם ענין און עס איז כדאי, אַז די לעזער פון דעם ספר מיינעם זאָלען איהם וויסען. אין אַ דאָרף האָט גע-וואוינט אַ רייכער מענש, וועלכער איז אָבער געווען אונוויסענד, נאָר זעהר פרום. דער דאָזיגער מענש האָט

געהאַט שוין אַ דערוואַקסענעם זוהן. פאַרמעגען און רייכקייט האָט איהם נישט געפעהלט, האָט ער חשק געהאַט זיך מתחתן צו זיין מיט אַ מחותן אַ מיוחס פון אַ גרויסע שטאָדט. אזוי ווי עס פירט זיך ביי אונז, גע־פינען זיך באַלד שדכנים און בפרט וואו עס זעהט זיך פאַר אַ גרויסע שדכנות געלט, האָבען די שדכנים אָנ־געהויבען זייער ארבייט. איין שדכן איז געלונגען צו געפינען אין א גרויסער שטאָדט אַ גרויסען מיוחס, וועל־כער איז אַמאָל געווען זעהר רייך, נאָר לעצטענס איז ער געוואָרען אַ יורד. דער מענש האָט פאַרמאָגט עט־ליכע טעכטער, אָבער נדן צו געבען האָט ער פאר איינע אויך נישט געהאַט. דער פאָרשלאַג פון דעם שדכן איזביידען געפאַלען געוואָרען, ווייל איינער האָט געהאַט געלט אָהן יחוס, און דער צווייטער, פאַרקערט, יחוס האָט ער געהאַט, נאָר געלט נישט. ביידע זיינען נישט געווען גלייך, נאָר מיט איין זאַך זיינען זיי יאָ געווען גלייך: וואָס ביידע האָבען געהאַט מעלות מיט חסרונות. דער גערעדטער בחור איז באַעהרט געוואָרען פון דער כלה׳ס עלטערען צו קומען אַלס גאַסט צו זיי צו פאַר־ברייננען אין דער געזעלשאַפט פון דער כלה, ווי עס פיהרט זיך ביי אידען בעלי־בתים. צו דעם באַשטימטען טאָג זיינען איינגעלאַדען געוואָרען די אָנגעזעהענסטע בעלי־בתים פון שטאָדט צו פאַרברייננען אין געזעל־שאַפט ביים מחותן אין הויז. ווען עס איז אָנגעקומען דער באַשטימטער טאָג, דער חתן און די געסט זיצען ביים טיש, וועלכער איז געגרייט אזוי ווי דער מנהג

איז, מיט אלערליי זיסקייטען, קיכלען און פּאָמעראנצען. דער חתן וועלכער האָט קיין פּאָמעראנצען אויף זיין לעבען נאָך נישט געהאט געגעסען, ווייל אין דעם דאָרף וואו ער איז געבוירען געוואָרען עסט מען נישט קיין פּאָמעראנצען, סיידען ווען מען ליגט קראנק, דאַן אויף דעם באַפעהל פון דאָקטאָר מוז מען עסען די דאָזיגע טייערע פרוכט. און אזוי ווי דער חתן איז נאָך אויף זיין גאַנצען לעבען נאָך נישט קראנק געווען, האָט ער דעריבער נאָך נישט געגעסען קיין פּאָמעראנצען, צוליב דעם האָט ער נישט געוואוסט ווי זיך צו באגעהן מיט דער דאָזיגער פרוכט. האָט ער נישט אָפּגעשיילט די שאָלאַכץ פון פּאָמעראנץ, נאָר געשלונגען גאנצע שטי־קער פּאָמעראנץ מיט די שאָלאכץ צוזאמען. זעלבסט פאַרשטענדליך, אז דער כלה איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען זיך צוקוקענדיג אויף דעם. אלע זיצענדע ארום טיש האָבען זיך איבערגעוואונקען מיט די אויגען איינער צום צווייטען, און אזוי אויך דער מחותן מיט דער מחותנסטע. אלע האָבען זיך איינגעהאַלטען נישט צו לאַכען.

**אזוי איז אריבער** דער טאָג שבת און גלייך נאָך הבדלה האָבען זיי איינגעפּאקט א פּעקעל מיט אלערליי זיסקייט און מען האָט דאָס דעם חתן גע־געבען אלס שפּייז אויפ'ן וועג און האָבען איהם גע־הייסען איצטער פאָהרען אהיים און ווען מען וועט באַ־שטימען צו מאַכען די תנאים וועט מען איהם געבען צו

וויסען ער זאָל קומען. אין אַ שעה ארום נאָך הבדלה איז אָנגעקומען דער חתן ביי זיינע עלטערן אין דאָרף. ווען דער פאָטער האָט איהם דערזעהן האָט ער גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס האָט עפּעס געמוזט פּאַסירען וואָס מען האָט איהם, זיין זוהן, אזוי גיך אָפּגעשיקט גלייך נאָך הבדלה. דער פאָטער האָט פאַרפיהרט אַ שמועס מיט'ן זוהן. ער האָט איהם געפרעגט וואָס דער מחותן און די מחותנסטע האָבען גערעדט און בכלל ווי האָט ער זיך געפיהרט אין דער געזעלשאפט פון דער כלה? אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט ביז וואנען זיי זיינען צו געקו־מען צו דעם ענין פון די פּרוכט, דעם געשטאלט און דעם טעם. ער האָט זעהר געלויבט דאָס אינוויינגסטע פון דער פרוכט, ווי געשמאק דאָס איז, און געטאָדעלט דעם אויבערשטען טייל פון דער פּרוכט, ווי ביטער עס איז. דאַן האָט שוין דער פאָטער פאַרשטאַנען פון וואנען דער פיש . . . און האָט אָנגעהויבען געבען זיין זוהן אַ לעקציע אין הלכות דרך־ארץ און דער עיקר אין פּרוכט עסען, אז אין די גרויסע שטעדט איז מען זיך נוהג, פריהער אָפּצושיילען די פּרוכט, די שאָלאכץ וואַרפט מען אוועק און נאָר דאָס אינוויינינגסטע עסט מען. דער זוהן האָט זיך צוגעהערט צום פאָטער'ס רייד. ער האָט זיך עס איינגע'חזר'ט, ער זאָל עס נישט פאַרגעסען. עס איז אריבער אַ מאָנאַט, דער חתן וואַרט, אַז דער מחותן זאָל איהם רופען, אָבער אומזיסט האָט ער געוואַרט. איינמאָל האָט זיך דעם חתנ'ס פאָטער געטראָפען מיט'ן שדכן. דער שדכן האָט איהם געזאָגט, אַז די שאָלאכץ

האָט קאליע געמאַכט דעם שידוך. אָבער וואָס עס איז געשעהן איז שוין אריבער, ס'איז פאַרפאלען. ער האָט געטרייסט דעם מחותן ער זאָל נישט זיין ביי זיך גע־פאַלען, דען קיין מיוחסים פעהלען נישט. עס געפינען זיך אין די גרויסע שטעדט אַ סך אָפּגעקומענע גבירים, און ער וועט שוין פאַר איהם געפינען אַן אנדער שידוך און אפשר נאָך אַ בעסערען פון דעם. און אזוי איז געווען. עס זיינען אריבער עטליכע וואָכען און אָט איז דאָ א נייער שידוך. ווידער האָט מען דעם חתן פאַר־בעטען צום מחותן אויף שבת. גראדע איז דעמאָלסט אויסגעפאַלען שבת נחמו. אונזער חתן געפינט זיך שוין מיט מזל ביים נייעם מחותן אין הויז. אלע אָנוועזענדע בעלי־בתים פון שטאָדט זיצען ארום טיש. אויפ'ן טיש געפינט זיך פון שעהנסטען און פון בעסטען. געפעהלט האָט נאָר פאָמעראנצען, ווייל אין דער דאָזיגער מדינה באַקומט מען נישט די פרוכט ביים סוף זומער. נאָר אנשטאדט פאָמעראנצען זיינען געווען שעהנע פלוימען גרויסע אויפ'ן טיש. דער חתן האָט אויך אָנגעהויבען צו פאַרזוכען פון די גוטע זאַכען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויפ'ן טיש, ביז ער איז צוגעקומען צו די פלוי־מען. ווי ער האָט זיי אָנגעפאַנגען צו עסען האָט ער זיך דערמאָנט אין דער לעקציע פון זיין פאָטער אין הלכות פרוכט־עסען, אַז מען דאַרף אָפּשיילען די שאָלאכץ און אוועקוואַרפען אונטערן טיש און די שטיקער פון אינ־וויינינג האָט ער געשלונגען. ער איז כמעט דערשטיקט געוואָרען. די זיצענדע ארום טיש האָבען זיך נישט גע־

קענט איינהאַלטען פון געלעכטער. די כלה האָט אָנגע־הויבען צו וויינען. אלע האָבען איינשטימיג באַשלאָסען, ארויסצוטרייבען דעם חתן פון שטוב און אזוי האָט טאקע דער מחותן געטהאָן. און אונזער חתן איז מיט א פולען מאָגען און קעהל פון די פלאָמען קערענדלעך גע־לאָפען פון מחותנ׳ס הויז אין דאָרף.

**פאַרנאַכט**, ווען ער איז אָנגעקומען צו זיינע עלטערען, זיין מוטער ווי זי האָט איהם נאָר דערזעהן האָט זי גלייך גע׳חלש׳ט און דער פאָטער האָט שיעור נישט אָן אפּאָפּלעקסיע באַקומען, זעהענדיג זיין זוהנ׳ס שרעקליכען פנים, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט שוויים און די אויגען זיינען כמעט פון די לעכער ארוים. דער זוהן האָט געוואָלט דערצעהלען די גאנצע פּאַסי־רונג, נאָר ער האָט נישט געקענט, ווייל די פלוימען קערענדלעך האָבען איהם געשטיקט אין האלז. דער פאָטער האָט איהם אביסעל באַרוהיגט, האָט איהם אָנ־געהויבען אויסצופרעגען וואָס עס איז געשעהן, ביז ער האָט זיך דערוואוסט פון זיין זוהנ׳ס חכמה, אַז ער האָט די פלוימען אוועקגעוואָרפען און די קערענדלעך האָט ער אראָפּגעשלונגען. דער פאָטער האָט אָנגעהויבען ביטער צו שרייען: שוטה שבעולם! אזוי טהוט מען? צו דען ווייסטו נישט, אַז די פרוכט עסט מען און די קערענדלעך ווארפט מען אוועק? האָט אים דער זוהן געענטפערט מיט אַ פּראָטענסיע: דו אַליין, טאַטע, האָסט דאָך מיר אזוי געלערענט, אַז מען דאַרף דאָס

אויבערשטע פון דער פרוכט אוועקוואַרפען און דאָס אינווייניגסטע אויפעסען און אזוי האָב איך געטהאָן, און איצטער לערנסטו מיר צו טהאָן פונקט פאַרקערט. דאַן האָט איהם דער פאָטער געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז נישט אַלע פרוכט זענען גלייך. עס זיינען פאַראַן פרוכט וואָס זייער שאָלאכץ איז ביטער און מען דאַרף דאָס אוועקוואַרפען און דאָס אינווייניגסטע עסען, ווייל דאָס איז דער עיקר פרוכט. און עס זיינען ווידער פאַראַן אזעלכע פרוכטען וואָס דאָס אינווייניגסטע פון זיי, די קערנער, זיינען הארט ווי אַ שטיין און טויגען נישט צום עסען, נאָר מען דאַרף עס אוועקוואַרפען און עסען דאַרף מען נאָר דאָס אויבערשטע פון דער פרוכט.

**דער נמשל איז:** אַז די אגדות חז"ל זיינען ענליך צו די פרוכט. עס זיינען פאַראַן אגדות חז"ל וועלכע איז שווער צו פאַרשטעהן אזוי ווי זיי זיינען געשריבען. זיי קוקען אוים אין אונזערע אויגען פרעמד ווי אַ קעמעל איז געפלויגען אין דער לופט, אָדער ווי אַ עלפאנט איז אַ דורך אַ לעכעל פון אַ נאָדעל. ווי צום ביישפיל די מאמרים פון רבה בר בר חנה, וועלכע געפינען זיך אין דער מסכת בבא בתרא, וואו ער דערצעהלט דאָרט אַבסורדישע ערצעהלונגען, ווי די דערצעהלונג, אַז ער האָט געזעהן אַ פויגעל וועלכער איז געשטאַנען מיט זיינע פיס אין וואסער און זיין קאָפּ האָט דערגרייכט ביז אין הימעל אריין. אויך די ערצעהלונג, אַז ער האָט געזעהן גענז ביי וועלכע די פע-

דערען פאַלען ארוים פון פעטקייט. און ווידער זיינען דאָ אזעלכע אגדות חז"ל, וועלכע נויטיגען זיך נישט אין קיין ערקלערונגען און דרשות, נאָר אזוי ווי זיי זענען געשריבען זענען זיי זיסער פון האָניג, פול מיט חכמה וויסענשאַפט און מאָראל, ווי די מאמרים: „לעולם אל יטיל אדם אימה יתירה בתוך ביתו" — גיטין ו'. (נישט ארויפוואַרפען קיין צו פיעל שטרייענגקייט אין זיין הויז). „בשלשה דברים אדם ניכר: בכוסו, בכיסו ובכעסו" — עירובין דף ס"ה (מיט דריי זאַכען קאָן מען דערקענען דעם מענשען'ס כאראקטאָר: מיט זיין טרינקען, ווי ער האַלט זיך ביים טרינקען; מיט זיין קעשענע (פאַקעט), דאָס מיינט, ווי ער איז ביי געלד זאַכען; מיט זיין כעס. מען זעהט וויפיל ער איז מענש אזוי פיעל קאָן ער זיך אָפּהאַלטען נישט צו טאָן קיין שלעכטס אין כעס). אנדערע זאָגען מען קאָן דערקענען דעם מענשען אויך מיט זיין לאַכען. און נאָך עהנליכע מאמרים.

**די מאמרים** פון אגדה, ווען אַן אומוויסענדער מענש, ווי דער חתן וואָס מיר האָבען דערמאָנט, וועט ביי איהם אויסקומען אליין פּונקט פאַרקערט. דהיינו: אַז ער וועט לערנען איינעם פון די רבה בר בר חנה'ס מאמרים אין בבא בתרא, אַז ער האָט געזעהן אַ מאָדנעם פויגעל, אָדער מאָדנע גענז און נאָך אזעלכע אויסטערלישקייטען, און מען וועט איהם געבען צו פאַרשטעהן, אַז דאָס דאַרף מען נישט לערנען פשוט, נאָר מען דאַרף זוכען אין זיי אנדערע כוונות, איז דאָן

ווען דער אונוויסענדער וועט לערנען גראדע אַ מאמר, ווי צום ביישפיל: „לעולם אל יטיל אדם אימה יתירה בתוך ביתו" (אַ מענש זאָל נישט ארויפוואַרפען קיין איבעריגע מורא אויף זיין הויז געזינד), און נאָך דעם לערנען דעם מאמר וועט ער נישט קוקען אויף דעם מאמר און ער וועט ווייטער זיין זעהר שטרענג צו זיין הויז־געזינד און אַז מען וועט איהם פרעגען: דו האָסט דאָך געלערענט די גמרא אין גיטין, דאָס אַ מענש זאָל נישט זיין צו שטריינג אין זיין הויז, וועט ער ענטפערען דאָס די מאמרי חז"ל ריידען נישט פשוט. עס ליגט גאָר אין דעם כונות און אַז מיר ווילען אויפקלערען, אַז דער מאמר איז דער פשט דער עיקר, איז נאכהער, אַז דער זעלבער מענש וועט צוקומען צו די מאמרים פון רבה בר בר חנה אין בבא בתרא און נאָך אזעלכע מאמרים ווי די, וועט ער זיי לערנען איינפאַך: אַ פויגעל ביז'ן הימעל א. אז. וו. אַז מען וועט איהם זאָגען, אַז דאָס איז נישט פשוט נאָר דאָ ליגט כונות, וועט ער אין כעס ווע־רען און ער וועט זאָגען מען האָט דאָך מיר געזאָגט ווען איך האָב געלערענט דעם מאמר: „לעולם אל יטיל אדם אימה וכו'", אַז דאָס איז פשוט און קיין שום כונות נישט, איז דעריבער, אַז דאָ זאָגט רבה בר בר חנה וועגען אַזאַ פויגעל, אָדער אַז אַ האַק איז אריינגעפאַלען אין דעם וואַסער זיבען יאָהר ווי זי שווימט אין וואַסער און זי איז נאָך ניט אַראָפּ צום גרונד, איז געוויס איינ־פאַכע ערצעהלונגען, אַז אזעלכע זאַכען האָט ער גע־זעהן און דאָ איז קיינע כונות און מיינונגען נישטאָ.

אָבער דער פאַרשטאַנדליכער מענש פאַרשטעהט און ווייס וואו מען דאַרף לערנען איינפאַך און וואו נישט. דהיינו, דער מאמר: „אל יטיל אדם אימה יתירה", זענען איינפאכע ווערטער וואָס אַ מענש דאַרף זיך אַזוי פיהרען און מען דאַרף אַזאַ מאמר נישט פאַרדרעהען מיט דרושים און רמזים. און די מאמרים פון רבה בר בר חנה און זייער גלייכען זענען נישט איינפאַך. און יעדער פאַרשטאַנדליכער מענש, וועלכער ווייס און קאָן דעם בעל המאמר אלס תנא אָדער אמורא, וואָס פון זיינע וואַסער טרינקען מיר און דעם חלק פון הלכה און מיר זעהען ווי זייערע רייד זענען געוואויגען, געמאָסטען און געצעהלט, וועט פאַרשטעהן, אַז אויך אין דעם טייל פון אגדה זענען זייערע ווערטער געווים געוואויגען, געמאָסטען און געצעהלט. און אויב דער מאמר לאָזט זיך נישט פאַרשטעהן איינפאַך, איז געווים, אַז אין איהם איז פאַרהאַן טיעפע געדאנקען, סודות, וועלכע לאָזען זיך נישט געזאָגט ווערען אָפען. ווען מיר וועלען געהן מיט דעם וועג ביים לערנען פון אגדות, דאַן וועלען מיר נישט בלאָנדזשען און מיר וועלען געפינען אין די אגדות חז"ל די וועגען פון ג-ט.

**און איצט איז אונז** שוין גוט פאַרשטאַנדליך די רייד פון ספרי, סוף סדרה עקב, אויפ'ן פסוק:

„ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו". (געהן אין זיינע וועגען און זיך באַהעפטען אָן איהם). ווי איז דאָס מעגליך זיך צו באַהעפטען אָן ג-ט? לערען אגדה וועסטו דורך דעם

דערקענען דעם אויבערשטען און זיך באַהעפטען אין זיינע וועגען". דער אויספיהר פון אונזער ענין איז: אַז מיר דאַרפען וויסען, אַז מען קאָן נישט אָפּזונדערען און אָפּטיילען איין חלק תורה פון דעם צווייטען. און אזוי ווי ביי די הלכות פון דער תורה דאַרף מען זיך באַמיהען אום צו פאַרשטעהן די טיעפקייט פון דער תורה, אזוי אויך דאַרף מען דעם טייל פון אגדה שענקען פיעל אויפמערקזאמקייט אום צו פאַרשטעהן זייער טיעפען זין. אזוי ווי איך האָב געבראַכט די אלע קוועלען און בפרט די רייד פון „ספרי", אַז דורך דער אגדה דערקענסטו דעם אויבערשטען און דו שליסט זיך אָן אין זיינע וועגען.

# די עלטערן און די קינדער

**אין מסכת יומא**, דף פ״ז, ווערט געבראכט: „אוי להם לרשעים לא דיין שמחייבין עצמן אלא שמחייבין לבניהם ולבני בניהם עד סוף כל הדורות״. (ווערה צו די רשעים. נישט גענוג וואָס זיי פאַרשולדיגען זיך אליין, פאַרשולדיגען זיי אויך זייערע קינדער און קינדס קינדער ביז׳ן סוף פון אלע דורות.) די גמרא שילדערט אונז די גרויסקייט פון דעם אונרעכט און שלעכטסקייט פון די רשעים, וועלכעס פאַרשווינדעט קיינמאָל נישט. נאָר מיט זייערע מעשים פאַרפלאַנצען זיי די פאַרגיפטיגטע געוויקסען אין זייערע קינדער און קינדס קינדער אויף אייביג.

**פאַרצייטען ביי אידען**, איז איינע פון די שעהנסטע קאפיטלען אין זייער לעבען געווען דער קאפיטעל פון קינדער ערציהונג. זיי צו ערציהען אין תורה און אין דרך ארץ, זיי זאָלען זיין געטרייע קינ־דער צו ג־ט, מענשען קולטורעלע. און אין דעם וועג אין וועלכען דער מענש וויל געהן פיהרט מען איהם. און אזוי זענען געוואַקסען די קינדער צום רוהם און צום פראכט. אָבער אין היינטיגע צייטען, ווען דער מענש איז שטענדיג פאַרנומען מיט זיינע מאטעריעלע ענינים. צוליב אַ שטיקעל ברויט איז ער מאנכעס מאָל גע־

צוואונגען א פארברעכען צו באגעהן, געפינען זיך נישט פארפליכטעט זיך צו פאראינטערעסירען אפילו איין מינוט אין טאג מיט דער ערציהונג פון זייערע קינדער און אזוי וואקסען די קינדער אויף אהן תורה און אהן דרך ארץ. און אנשטאט א דור פון וויסענשאפט, האבען מיר דערלעבט צו א דור פון עמי-הארצים און אונוויסענדע. „תחת ברוש עלה נעצוץ". (אנשטאט א ציפרעסען בוים איז אויסגעוואקסען א דארן.) און אזוי א דור נאך א דור. זעלבסט פארשטענדליך, אויב די קינדער האבען נישט געלערענט אינ'ם הויז פון זייערע עלטערען, פון וואנען זאלען זיי וויסען צום לערנען זייערע קינדער נאך זיי? ווען מיר זאלען וועלען זוכען די דאזיגע שולד, דארפען מיר דאס נישט זוכען ביי די קינדער, ווייל די קינדער זענען „אנוסים ממש", ריכטיגע געצווינגענע. זיי זענען גארנישט שולדיג. זיי ווייסען גאר נישט וואס אזעלכעס א איד איז, און וואס אזעלכעס די אידישע תורה איז. זייער גאנצער וויסען און קענען זייער פאלק, איז נישט מעהר פון דעם וואס זיי האבען געהערט אדער געלייענט אין די אנטיסעמיטישע צייטונגען, אז עס געפינען זיך אידען אויף דער וועלט און מען דארף זיי אומברייננגען. אבער ווען נישט די דאזיגע צייטונגען, וואלטען אונזער יוגענט נישט געוואוסט ווער און וואס מיר זענען. און מיר קאנען נישט ארויפווארפען די שולד אויף זיי. דען זיי טהוען דאס נישט פון בייזוויליגקייט, נאר פון אונוויסענהייט. די פראגע איז נאר: ווער איז דער שולדיגער? די עלטערען פון

די קינדער קאָנען ענטפערען פאזיטיוו: אמת, מיר זענען שולדיג פאַר דעם קינד. מיר האָבען געבראכט דער־צו, אַז אונזערע קינדער זאָלען אַוועקגעהן פון אונז.

**איך האָב געזעהן** אין ספר „עטרת צבי", אויף דעם וואָס עס ווערט געבראכט אין מסכת ראש השנה, דף ל"ב: „ראש השנה זאָגט מען נישט קיין הלל. וואָס איז דער טעם? רבי אבוה זאָגט: די מלאכים האָבען געזאָגט צום אויבערשטען: רבונו של עולם, פאַרוואָס זאָגען דיר נישט די אידען קיין שירה אום ראש השנה און יום כפור? האָט ער זיי געענט־פערט: ווי קאָן דאָס מעגליך זיין, אַז אַ מלך זיצט אויפ'ן שטול פון משפט און די ביכער פון די לעבעדיגע און טויטע זענען פאַר איהם אָפען און אידען זאָלען דעמאָלסט זאָגען שירה?"—מאַנכע פרעגן צו וואָס דאַרף מען צוויי ביכער. עס איז דאָך גענוג איין ספר פאַר לעבעדיגע אין וועלכער עס איז באַשטימט געוואָרען צום לעבען זאָל פאַרשריבען ווערען אין ספר החיים, און אויף ווועמען עס איז חס ושלום נגזר געוואָרען צו שטאַרבען, זאָל נישט פאַרשריבען ווערען אין בוך. לויט דעם וואָס מיר האָבען גערעדט וועגען דער באַציהונג פון די עלטערען צו זייערע קינדער, קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען, אַז בעת מען משפט די לעבעדיגע און מען ברענגט די קינדער, וועלכע זענען ערצויגען געוואָרען ביי עלטערען וועלכע האָבען זיי נישט געגעבען קיין גוטע ערציהונג און ווען מען פאָרשט זייער דין צו זיי

זענען שולדיג אָדער גערעכט, אינטערעסירט זיך געווים דער בית-דין של מעלה מיט די סבות פון די זינד און די פאַרברעכענס וואָס דער מענש איז באַגאַנגען ביז מען קומט צום באַשלוס, אַז די זינדיגע און פאַרברעכערישע עלטערען זענען שולדיג אין דער שלעכטער אויפפירונג פון זייערע קינדער דערמיט וואָס זיי האָבען זיי נישט ערצויגען ווי געהעריג. זיי האָבען זיי נישט געגעבען קיין וועג אין לעבען און אנשטאָט די קינדער משפט מען די עלטערן און מען הויבט אָן אויסצופאָרשען און פרעגען פאַרוואָס האָבען זיי נישט געלרענט זייערע קינ-דער דעם וועג פון ג-ט. מען אונטערהאַנדעלט אזוי לאַנג, ביז מען קומט צום באַשלוס, אַז די דאָזיגע עלטערען זענען אויך נישט די שולדיגע, נאָר זייערע עלטערענס עלטערען זענען די שולדיגע. זיי זענען געווען די ערשטע אין זייער משפחה וועלכע זענען אראָפּ פון דעם וועג וועלכער פיהרט צו דער תורה. דעריבער עפענט מען אויף צוויי ספרים: איין ספר פון די לעבעדיגע און איין ספר פון די טויטע. און דער פשט איז אזוי: אַז מען עפענט די ספרים פון די מענשען וועלכע לעבען נאָך און כדי קלאָר צו מאַכען דעם משפט עפענט מען אויך די ספרים פון די טויטע, פון די עלטערען וואָס זענען שוין לאַנג געשטאָרבען, כדי צו משפט'ען אויך זיי. צייטענסווייס פאַלט די גאַנצע שטרענגקייט פון דין אויף זיי, ווען ס'ווערט קלאָר, אַז זיי זענען שולדיג אין דער שלעכטע אויפפיהרונג פון זייערע קינדער.

**אויף דעם אופן** האָב איך ערקלערט דעם פסוק:
אין פ׳ האזינו: „שחת לו לא בניו מומם״. „שחת לו״ — דער מענש וואָס איז פאַרדאָרבען און געהט ניט אין גוטען וועג איז פאַרשטעהט זיך, אַז ס׳איז אַ שלעכטער ענין, אָבער „לא״, ס׳איז נאָך ניט אַזוי גרויס די פאַרדאָרבונג, דעם אומגליק קאָן נאָך פאַרריכט ווערען. דען תשובה איז אַ מיטעל אָפּצומעקען דעם פאַרברעכען. ווי אין פסוק שטעהט: „ושב ורפא לו״ (אַז ער טהוט תשובה ווערט ער פאַרגעבן). דער עיקר איז שלעכט, צום ערגסטען, וואָס „בניו מומם״, אַז אין זיינע קינדער בלייבט דער פעהלער. דאָס הייסט, וואָס די קינדער האָבען געזעהן און זיך צוגעקוקט צו דער פאַרדאָרבענקייט פון די עלטערען און זיך פון זיי אָפּגעלערנט דאָס איז שוין אַ פעהלער. און דער שכל איז מחייב אַזוי: אויב די עלטערען זינדיגען אַ זינד וואָס אינטערעסירט זיי אליין, ווייסען זיי ביי זיך, אַז זיי האָבען געזינדיגט ווייל זיי זענען דאָך ערצויגען געוואָרען ביי עלטערען וועלכע זענען געווען טריי צו ג־ט און זיין תורה, און זיי ווייסען זייער פאַרברעכען, קומט אַ צייט און זיי קערען זיך אום פון זייער שלעכטען וועג. אָבער די קינדער וועלכע זיי זענען שוין נישט ערצויגען אויף דער אידישער ערציהונג און זענען אומוויסענד און לעהר, ווייסען גאַרנישט אַז זיי האָבען געזינדיגט און ווען זיי טהוען אַ זינד אנערקענען זיי נישט, אַז זיי האָבען געטהאָן אַ זינד, און צוליב דעם קענען זיי קיינמאָל זיך נישט אומקערען פון שלעכטען וועג.

**מען דערצעהלט**: אז אין א אידישע שכונה אין ניו-יארק, נאהענט פון א גרויסען בית המדרש, האט מען געזעהן שבת ווי א אידישער בחור האט גע-רויכערט א סיגארעט. די וועלכע האבען דאס געזעהן האבען איהם געפרעגט: וואס טהוסטו? דער בחור וועלכער האט גארנישט געשפירט ביי זיך אז ער טהוט עפעס נישט קיין גוטע זאך, האט ער זיי געענטפערט מיט א פראגע: „וואס ווילט איהר פון מיר?" האבען איהם די מענשען ווידער געפרעגט: „וואס רויכערסטו? היינט איז דאך שבת! אפשר האסטו פארגעסען אז היינט איז שבת?" האט ער זיי געענטפערט גלייכגיל-טיג, אז ער האט נישט פארגעסען. האבען זיי איהם ווידער געפרעגט: „אפשר האסטו פארגעסען, אז מען טאר נישט רויכערען אום שבת?" האט ער זיי געענט-פערט, אז ער האט נישט פארגעסען. ער ווייס אז א איד טאר נישט רויכערן אום שבת. האבען זיי איהם געפרעגט: „טא אויב אזוי, אז דו ווייסט אלץ, טא פאר-וואס רויכערסטו אום שבת?" האט ער זיי געענטפערט: „אמת, טאקע, אז איך ווייס אלץ. נאר איין זאך האב איך פארגעסען: אז איך בין א איד".

**די ערצעהלונג** איז נישט גלאט קיין משל, נאר פון די טאג-טעגליכע פאסירונגען. די פארדאר-בענקייט פון די עלטערען מיט זייער גלייכגילטיגקייט צו די פאלק היילגטימער, האבען געווירקט אויף זייערע קינדער, אז זיי זאלען ווערען דאס וואס זיי זענען. און

ווען מיר ווילען אויסהיטען דעם דאָזיגען פעהלער, דאַרפען מיר מאַכען אַן אפעראציאָן ביי די עלטערען. דאָס גייסטיגע היילונג פון די עלטערען וועט ברענגען אַ רפואה פאַר די קינדער. און אויב מיר וועלען נישט מאַכען אַן אפעראציע אין די נשמות פון די עלטערען, וועט דער פעהלער איבערגעהן פון דור צו דור. און דאָס האָבען די חז"ל געזאָגט אין זייער מאמר אין מסכת יומא: „אוי להם לרשעים לא דיין שמחייבין עצמן אלא שמחייבים לבניהם ולבני בניהם עד סוף כל הדורות". (וועה צו די רשעים. נישט גענוג וואָס זיי פאַרשולדיגען זיך אליין, נאָר זיי פאַרשולדיגען זייערע קינדער און קינדס קינדער ביז'ן סוף פון אלע דורות.)

## דער אונטערשייד פון אַ צדיק ביז אַ צדיק

לויט ווי איך האָב ערקלערט מיין רעיון קאָן מען מיט דעם פאַרשטעהן די רייד פון דער גמרא ברכות, דף ז', וועלכעס דאָרט ווערט געבראכט: „אמר לפניו רבונו של עולם, מפני מה יש צדיק וטוב לו, צדיק ורע לו, רשע וטוב לו, רשע ורע לו". (משה רבנו האָט געפרעגט ביי ג-ט, פאַרוואָס איז פאַראַן א צדיק וואָס איהם איז גוט און אַ צדיק וואָס איהם איז שלעכט; אַ רשע וואָס איהם איז גוט און אַ רשע וואָס איהם איז שלעכט.) האָט איהם ג-ט געענטפערט: אַ צדיק וואָס איהם איז גוט דאָס איז אַ צדיק אַ זוהן פון אַ צדיק; אַ צדיק וואָס איהם איז שלעכט, דאָס איז אַ צדיק אַ זוהן

פון אַ רשע; אַ רשע וואָס איהם איז גוט, דאָס איז אַ רשע אַ זוהן פון אַ צדיק; אַ רשע וואָס איהם איז שלעכט דאָס איז אַ רשע אַ זוהן פון אַ רשע.

**די פראגע** פון משה רבנו עליו השלום איז געווען:

פאַרוואָס זעהען מיר אַ ענדערונג און אַ אונטערשייד צווישען די צדיקים, וואָס אויך זיי זענען נישט עהנליך איינער צום צווייטען. עס איז פאַראַן אַ צדיק וואָס איהם איז גוט. דאָס הייסט, וואָס אלע גוטע זייטען פון דער וועלט געפינען זיך אין איהם. די באַדייטונג פון „צדיק וטוב לו" איז — „שהטוב שלו", דאָס גוטעס איז זיינס. דאָס איז זיי אייגענשאַפט; ער איז דער בעל-הבית איבער די גוטס. „ויש צדיק ורע לו", מיינט מען: אבוואהל ער איז אַ צדיק, אָבער — ורע לו, די שלעכטס איז זיינס. די שלעכטס איז זיין אייגענשאַפט; די שלעכטס איז אין איהם איינגעבירגערט. פאַרוואָס אונטערשיידען זיך די צדיקים מיט זייערע אייגענשאַפטען? זיי זענען דאָך ביידע צדיקים. זיי לערנען דאָך ביידע איין תורה, און די תורה מאַכט דאָך פעהיג צו זיין אַ צדיק, אַ חסיד, אַן אָרענטליכער און אויפריכטיגער. וואָס איז, אַלזאָ, די אורזאכע פון דעם אונטערשייד פון איין צדיק צום צווייטען, דאָס איינער איז אזוי גוט און די גוטסקייט איז איינפאַך זיינס, ממש זיין אייגענטום, עס געהערט צו איהם די גוטסקייט, און דער צווייטער צדיק — ורע לו, אַ צדיק וואָס איז שלעכט, אַז אפילו אין זיינע צדקות זעהט זיך, אַז ער איז אין נאַטור שלעכט.

אויף דעם האָט ג-ט געענטפערט, אז דער אונטער־
שייד איז צווישען זיי: הצדיק וטוב לו —
דער צדיק וואָס דאָס גוטס איז זיינס, ער איז דער
הערשער איבער דאָס גוטס און דאָס איז זיין אייגענטום
די גוטס, דאָס איז אַ צדיק אַ זוהן פון אַ צדיק, וואָס זיין
פאָטער איז אויך געווען אַ צדיק, דעריבער איז איהם
די גוטס איינגעוואָרצעלט געוואָרען פון זיין קינדהייט
אָן און דאָס איז אין איהם נאטירליך געוואָקסען מיט
איהם צוזאַמען. צדיק ורע לו: אַ צדיק וואָס דאָס
שלעכטס איז זיינע און ער מוז פיהרען אַ קאמף מיט'ן
יצר הרע, וועלכער שטערט איהם און לאָזט איהם פיעל
מאָל נישט טאָן קיין גוטס, דאָס איז אַ צדיק בן רשע,
וואָס די מעשים פון זיינע עלטערען האָבען אין איהם
איבערגעלאָזט אַ שלעכטען איינדרוק אין זיין נשמה
און ער מוז קעמפען אום אויסצורייסען דעם וואָרצעל
וואָס איז איינגעוואָרצעלט אין איהם פון זיינע עלטערען.
און אזוי איז אויך די ערקלערונג ביי אַ רשע וטוב לו
און אַ רשע ורע לו. מאַנכעם מאָל טרעפט אַ רשע, אַ
זינדיגער און מען געפינט אין איהם אַ סך גוטסקייט,
רשע וטוב לו, ער איז אַ רשע און ס'איז דאָ אין איהם
גוטס, איז דער ענטפער: רשע בן צדיק — דאָס איז
אַ רשע, וואָס שטאַמט פון אַ צדיק, איז נאָך די גוטס
אין איהם איינגעוואָרצעלט, און רשע ורע לו, אַ רשע,
וואָס איז דורך און דורך שלעכט, קיין שפור פון גוטס
איז אין איהם נישטאָ. דאָס איז שוין אַ רשע בן רשע.
די הויפט זאַך איז, אַז מיר דאַרפען וויסען, אַז יעדער

זינד, וואס מיר באגעהען, חס ושלום, אויב מיר באגע-
העו די זינד פאר זיך אליין איז נאך דא א רפואה און
א עצה ווי זיך צו רעטען פון דער זינד, דען תשובה
איז זעהר גרויס און וועגען תשובה האבען שוין גע-
רעדט די תורה, די נביאים און די חז״ל. אבער די זינד,
וועלכע מיר באגעהען וואס דאס ווירקט אויף די קינ-
דער און די קינדער ווערען שלעכט ערצויגען אהן תורה,
אהן מצוות און גוטע מדות.

**עס געפינען זיך** עלטערען וואס זיי אליין היטען נאך
אלע מצוות, אבער דאס וואס אנבאלאנגט
זייערע קינדער זענען זיי נישט פאראינטערעסירט, אז
זיי זאלען אויך אזוי זיין. ווען זיי זעהען די זינד וואס
זייערע קינדער באגעהען ארט עס זיי גארנישט. זיי
טראכטען זיך: וואס געהט אונז אן וואס זיי זינדיגען,
אבי מיר זינדיגען נישט. נישט איינמאל קומט אונז אויס
צו הערען פון עלטערען וועלכע האלטען זיך פאר כשר'ע,
פרומע און געטרייע צו ג-ט און זיין תורה, בארימען
זיך, אז זיי זענען ב"ה פרומע אידען, זענען אפגעהיט
אין אלע פרטים און דקדוקים, האבען נאך ניט געפרובט
צו טרינקען ביי זייערע קינדער אפילו א גלאז טהע צו-
ליב א ספק פון כשר'קייט. זיי פרעהען זיך, אז זיי
האבען כשר'ע טיי און אונ'כשר'ע קינדער (מיר דוכט
זיך, אז גלייכער וואלט געווען צו האבען טיי טריפה און
קינדער כשר'ע. ווארום טיי אין דער וואכען איז אפילו
נישט קיין אידישע אויך כשר).

**איך ווייס אַ געשיכטע**, ווי אַ פאָטער וועלכער איז געוועזן אין דער חזקה פאַר אַ כשר'ן איד, האָט געדאַרפט שיקען אַ האַנדעלס טעלעגראַמע אום שבת. אבוואהל ער איז דאָך שוין דערמיט אליין באַגאַנגען אַ חילול שבת מיט'ן מאַכען האַנדעל טראַנס-אקציעס אום שבת, דאָך האָט ער זיך נישט ערלויבט צו שרייבען אום שבת, דעריבער האָט ער געהייסען זיין זוהן, אַ בחור פון אכטצעהן יאָהר אלט, אַז ער זאָל אָנ-שרייבען די טעלעגראַמע. אלס געהאָרכזאמער זוהן האָט דער בחור אויסגעפיהרט דעם באַפעהל פון זיין פאָטער און האָט מחלל שבת געוועזן בגזרת כבוד אב. דער דאָ-זיגער פאָטער וועלכער געפינט זיך שוין נישט צווישען די לעבעדיגע, וואָלט דען נישט בעסער געטהאָן ווען ער וואָלט אליין געשריבען די טעלעגראַמע און נישט הייסען זיין זוהן מחלל שבת? ווייל ווען ער אליין איז מחלל שבת איז ער אַ בעל-הבית איבער זיך אליין. ער קאָן דאָך תשובה טאָן און חרטה האָבען און מעהר שוין נישט טאָן אזעלכעס. אָבער איבער זיין זוהן קאָן ער נישט האָבען שטענדיג די דעה. צום ערשטען האָט איהם זיין זוהן געפאָלגט און מחלל שבת געוועזן, און אזוי האָט ער זיך איינגעוואהנט מיט דער עבירה ביז עס איז שוין ביי איהם געוואָרען אַ געוועהנליכע, ערלויבטע זאַך און האָט שוין גאָרנישט געפיהלט, אַז ער באַגעהט מיט דעם אַ פאַרברעכען. און ער האָט זיך געטראַכט: אַז אויב דער פאָטער, וועלכער האָט איהם ליעב ווי זיך אליין, הייסט איהם מחלל שבת זיין, איז דאָך געוויס

אין דעם קיין שום בייז נישטאָ און אלץ איז אין אָרד-נונג. ווען דער פאָטער וואָלט נאכהער געפּרובירט איהם אָפּצוהאַלטען פון חלול שבת, צו וואָלט ער איהם געפאָלגט? די זאַך איז גלייך ווי מען שיסט אוים פון אַ ביקס, ווי נאָר דער מענש שיסט אוים קאָן ער שוין די קויל מעהר צוריק נישט אומקערען. אזוי איז אויך מיט דער קינדער ערציהונג. אויב ער האָט נאָר אָנ-געהויבען צו פיהרען זיינע קינדער אויף אַ שלעכטען וועג, חס ושלום, דאַן איז שוין אונמעגליך זיי אומצו-קערען אויפ'ן גלייכען גוטען וועג. דעריבער זאָלען מיר דאָס אין אַכט נעמען און שענקען אונזער גאנצע אויפ-מערקזאַמקייט די ערציהונג פון אונזערע קינדער פון זייער קינדהייט אָן.

אזוי ווי שלמה המלך עליו השלום לערענט אונז:

„חנוך לנער על פי דרכו, גם כי יזקין לא יסור ממנו". (ערציהט דעם אינגעל נאָך זיין דרך, דאַן איז אויך ווען ער וועט אלט ווערען וועט ער דערפון נישט אָפּטרעטען.) אַז מיר וועלען ריכטיג ערציהען אונזערע קינדער וועט אין אונז מקוים ווערען די רייד פון דעם נביא: „ויש תקוה לאחריתך נאום ה' ושבו בנים לגבולם". (און עס איז דאָ אַ האָפנונג, אַז דו וועסט דערגרייכען צו די ענדע פון דיין ציעל אזוי זאָגט ג-ט און דיינע קינדער וועלען זיך אומקערען צו די גרעניצען פון זייער לאַנד.)

## דאָס לעבען פון די עלטערען איז אין די הענט פון די קינדער

**דער ענין פון יזכור.** מיר בעטען: „יזכור אלקים נשמות אבותינו ואמותינו". (געדענק ג־ט די נשמות פון אונזערע פאָטערס און מוטערס.) זאָלען מיר זיך נאָר אָביסעל פארטראַכטען וועגען דער דאָזי־גער תפילה. צו דען דאַרפען מיר בעטען ג־ט, ביי וועל־כען דער באַגריף פון פאַרגעסען קען אין אַנבאַטראַכט נישט גענומען ווערען, איז ביי איהם בעט מען, אַז ער זאָל נישט פאַרגעסען? מיר זאָגען דאָך אין די ימים־נוראים׳דיגע שמונה עשרה: „אין שכחה לפני כסא כבודך. (עס איז נישטאָ קיין פאַרגעסונג פאַר דיין עהרען שטול.) ס׳איז געוויס נישט פאַרשטאַנדלעך דאָס מיר זאָלען בעטען אַזאַ תפלה ביי ג־ט נישט צו פאַרגע־סען די נשמות פון אונזערע פאָטערס און מוטערס.

**נאָר געוויס** איז דער הויפט פון דער דאָזיגער תפלה, אַז מיר האָבען אַ טייערע און הייליגע פאַר־גאַנגענהייט. מיר האָבען געהאַט הייליגע פאָטערס און מוטערס, וועלכע האָבען זיך איבערגעגעבען אויף קידוש השם; האָבען געקעמפט ווי די לייבען פאַר דער ירושה וואָס זיי האָבען גע׳ירש׳נט פון זייערע עלטערען, כדי עס איבערצוגעבען צו זייערע קינדער נאָך זיי. זיי

האָבען אונז איבערגעגעבען די פאָהן פאַר וועלכע זיי האָבען געקעמפט מיט דער איינשטעלונג פון זייער לעבען. צו דער תפלה פון יזכור פאַרזאמלען מיר זיך אויסצודריקען די געפיהלען פון אונזער האַרץ; צו באַטאָנען, אַז זיי לעבען אין אונזער זכרון און זענען נישט געשטאָרבען, נאָר זיי לעבען און עקזיסטירען צוזאַמען מיט אונז. דאָס היילינע פייער וואָס ברענט אין אונז וועט איבערגעגעבען ווערען אויך צו אונזערע קינדער נאָך אונז. און דאָס וואָס מיר דערמאָנען אונזערע עלטערען און אונזערע קינדער וועלען אונז דערמאָנען, דאָס באַדייט: אַז מיר זענען אונשטערבליך.

**מיט דעם זעלבען רעיון** האָב איך ערקלערט אין דער סדרה „האזינו" דעם פסוק: „זכור ימות עולם בינו שנות דור ודור שאל אביך ויגדך זקנך ויאמרו לך". (געדענק די אייביגע טעג, פאַרשטעהט די יאָהרען פון די פריהערדיגע דורות; פרעג דיין פאָטער וועט ער דיר דערצעהלען, דיינע אלטע לייט און זיי וועלען דיר זאָגען.) די תורה רעדט צו אונז: דו זאָלסט וויסען זיין, אַז אלע לעבעדיגע באַשעפענישען זענען שטערבליך. דען די טעג פון דעם לעבען זענען באַשטימט לויט אַ געוויסע צאָהל. לאָמיר זיך פאַרשטעלען אַז מיר וועלען פרעגען איינעם פון די לעבעדיגע באַשעפענישען, צום ביישפיל דעם פערד, אָדער דעם אָקס, ווי לאַנג ער לעבט שוין אויף דער וועלט, וועט ער ענטפערען, אַז זיין לעבען אויף דער וועלט איז אונגע-

פער פינף און צוואנציג יאָהר. ווייל דער פערד האָט נישט קיין פאַרשטענדעניס פאַר די פריהערדיגע דורות. זיין פאָטער און מוטער, די פערד, האָבען איהם נישט איבערגעגעבען קיין שום ידיעות, קיין שום ערפונדונגען וואָס זיי האָבען ערפונדען, אָדער האָבען איבערגענומען אין דער צייט פון זייער זיין אויף דער וועלט. און אויך ער וועט גאָרנישט איבערגעבען זיין זוהן דעם יונגען פערד. דעריבער מיינט ער, אַז ער איז דער ערשטער פערד אויף דער וועלט און מיט זיין אוועקגעהן פון דער וועלט וועט זיך ענדיגען דער מין פערד אויף דער וועלט. און דאָס זעלבע, ווען מיר וועלען פרעגען די דאָזיגע פראגע פון אַן אומוויסענדען מענש, וועלכער איז נישט געבונדען מיט'ן עבר (פאַרגאַנגענהייט) און נישט מיט'ן עתיד (צוקונפט). ער האָט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר די פאַרגאַנגענע דורות; ער אינטערעסירט זיך נישט מיט דער לעהרע פון די אבות פון פארגאנגענעם דור אום איהר איבערצונעמען. אויך אינטערעסירט ער זיך נישט מיט די צוקונפטיגע דורות איבערצוגעבען זיי וואָס ער האָט איבערגענומען. בכלל, האָט ער קיין שום שייכות נישט אין פאַרבינדונג מיט דעם פאַרגאַנגענעם דור און מיט דעם צוקונפטיגען דור. נאָר ער איז זיך אַ באַשעפעניש פאַר זיך אליין. דער דאָזיגער מענש לעבט נישט קיין אייביגען לעבען. נאָר זיינע יאָהרען זענען צו געשניטען מיט אַ געוויסע צאָהל, אזוי ווי די איבעריגע באַשעפענישען, נאָר אויף אַ געוויסע צייט.

אָבער ווען מיר וועלען פרעגען א מענש א באוואוסט־זיניגען: וויפיעל זענען די טעג פון מענשענ׳ס לעבען אויף דער וועלט? וועט געווים אַזאַ מענש, וועלכער האָט פאַרשטענדעניס פאַר די פאַרגאַנגענע דורות און וועלכער איז געהאָרכזאם צו דער לעהרע פון די אבות און אלטע לייט — געווים ענטפערען, אַז די טעג פון דעם מענשענ׳ס לעבען אויף דער ערד זענען פון דעם טאָג אָן וואָס דער ערשטער מענש איז באַשאַפען געוואָרען ביז איצט. נאָהענט ביי זעקס טויזענט יאָהר לעבט ער שוין. ווייל אויך דער ערשטער מענש לעבט נאָך מיט אונז, ווייל דאָס וואָס ער האָט געלערענט און ערפונדען האָט ער איבערגעגעבען צו זיינע קינדער און זיינע קינדער צו זייערע קינדער נאָך זיי, און אויך דאָס וואָס זיי אליין האָבען געשאַפען און אזוי ווייטער. דעריבער ראָט איך דיר: „זכור ימות עולם". אינטערעסיר זיך מיט די פאַרגאַנגענע דורות, אויב דו ווילסט, אַז דיינע טעג זאָלען זיין אייביגע „בינו שנות דור ודור", זאָלסט זיך פאַרשטענדיגען מיט די יאָהרען פון יעדען דור, וואָס איז געווען פאַר אייך. דאָס הייסט, דאָס וואָס האָבען ערפונדען און געשאַפען די דורות אין די יאָהרען פון זייער לעבען, זאָלט איהר זיך פאַרטראכטען און איבערנעמען אלץ וואָס עס איז געשאַפען געוואָרען אין יעדען דור. פרעג דיין פאָטער, פרעג דיין זיידען און זיי וועלען דיר זאָגען; זיי געהאָרכזאם צו זייער לעהרע און אויך דיינע קינדער נאָך דיר זאָלען

אזוי טאָן — איבערנעהמען דאָס איבערגעגעבענע פון דיר, און איבערגעבען זייערע קינדער, דאַן וועלען דיינע טעג זיין אייביגע טעג.

מיר, די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב, מיר באַטראַכטען און פאַרשטעהען די יאָהרען פון יעדען דור פאַר אונז, און מיר דערמאָנען אונזערע עלטערען. זיי זענען אָפּגעהיט אין אונזער זכרון; זיי לעבען מיט אונז און מיר וועלען זיי נישט פאַרגעסען. און אויך אונזערע קינדער נאָך אונז וועלען געהן אין דעם זעלבען וועג. דער יזכור איז ביי אונז הייליג און דער־מיט זענען אונזערע טעג אייביג טעג. און אזוי וועלען מיר זוכה זיין צו דערלעבען דעם קץ הימים, צו דער צייט ווען די שלאָפענדע אין דער ערד וועלען ערוואכט ווערען.

## ערקלערונג פון דעם וואָרט „מגלחין" (ראזירען)

**אין ירושלמי**, ראש השנה, פרק א', איז געשריבען: „אבל ישראל בראש השנה אינם כן אלא לובשים לבנים, מתעטפים לבנים ומגלחים זקנם ואוכלים ושותים ושמחים שיודעים שהקדוש ברוך הוא עושה להם נסים". (אָבער די אידען אום ראש השנה זענען נישט אזוי, נאָר טהוען זיך אָן און ווייסען, ראזירען זיך די בערד, עסען און טרינקען און פרעהען זיך, ווייל זיי ווייסען אַז ג־ט טהוט מיט זיי נסים.) דער ספר המנהיג הלכות ראש השנה (געבראכט אין „תורה תמימה", פרשת ואתחנן), פרעגט אַ קשיא אויף דעם וואָס דער ירושלמי זאָגט „מגלחין", ווערענד עס איז דאָך ביי אונז אידען „גלוח זקן" (ראזירען די באָרד) שטרייגג פאַר־באָטען.

**נאָך מיין מיינונג** זעה איך אין דעם קיין קשיא נישט. ווייל דאָס וואָרט „גלוח" אין לשון קודש האָט צוויי באַדייטונגען. אין סדרה אמור געפינען מיר אויף דעם פסוק: „ופאת זקנם לא יגלחו", זעצט איבער דער תרגום אונקלס: „ופאתא דדקנהון לא יגלחון". און אין דער סדרה „מקץ" איבערזעצט דער תרגום אונקלס דאָס וואָרט „ויגלח" ביי יוסף'ן „וספר", וועלכעס באַדייט שערען. איז אויב אזוי האָט געווים דער

ירושלמי מיט דעם שרייבען „מגלחין זקנם״ געמיינט צו זאָגען, אַז זיי שערען זיך ארום די באָרד לכבוד דעם יום־טוב ראש השנה. און אזוי ווי ביי יוסף׳ן שרייבט די תורה „ויגלח״ און דער תרגום אונקלס האָט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס מיינט מען ארומגעשאָרען פאַר זיין קומען צו פרעה׳ן.

עס איז מערקווירדיג דאָס וואָס דער ירושלמי דער־מאָנט אויך דאָס וואָרט „מגלחים״ צווישען די איבעריגע זאַכען וואָס ער רעכענט דאָרטען אויס. עס ווייזט אויס, ווי עס וואָלט געווען א באזונדערער מנהג זיך צו שערען אויף ראש השנה און אין דער אמת׳ן איז עס דאָך א דין זיך צו שערען אויף יעדען יום־טוב און צוליב דעם האָבען די חז״ל פארבאָטען זיך צו שערען אום חול המועד, כדי ער זאָל זיך אָרומ־שערען לכבוד יום־טוב. מיין מיינונג וועגען דעם איז: אז דאָס וואָס דער ירושלמי דערמאָנט באזונדער ביי ראש השנה, אז מען שערט זיך, האָט ער געמיינט צו באַטאָנען דערמיט, אז ראש השנה איז אנדערש פון אלע ימים טובים אין דעם אינזיכט פון שערען אויסער וואָס מען דארף זיך שערען לכבוד יום־טוב, איז אויף ראש השנה דאָ נאָך א טראַדיציע, כדי דערמיט צו דערמאָנען די באפרייאונג פון יוסף הצדיק וואָס איז פארגעקומען אום ראש השנה, אזוי ווי עס ווערט גע־בראכט אין דער גמרא ראש השנה דף י׳, און ביי יוסף הצדיק איז דאָך געשריבען: „ויגלח ויחלף שמלותיו״

(ער האָט זיך ארומגעשאָרען און איבערגעביטען זיינע קליידער), איז דעריבער דער מנהג פון שערען זיך אויף ראש השנה האָט אַ פאַרבינדונג מיט דער פּאַסירונג.

# די ווירקונג פון די געשעהנישען און פון די לעבענס-פעריאדען אויפ׳ן גייסט פון ירמיהו הנביא

**דער גאון מלבי״ם** אין זיין הקדמה (פאָררעדע) צו זיין פרוש אויף ירמיהו, ברענגט די השערה פון דעם גאון שר רבי יצחק דון אברבנאל זכרונו לברכה, וועלכער שרייבט אין זיין פאָררעדע צום ספר ירמיהו, אז דער נביא ירמיהו איז געשטאַנען נידעריגער פון אלע נביאים אין דער פאַרפאָלקאמענהייט אלס נביא. דהיינו: זיין שפּראַך איז נישט אזוי געשמאַק. אויך איז זי נישט לויט די רעגעלען פון דער גראמאטיק, אויף אזוי ווייט, אַז עס געפינען זיך פסוקים אין וועלכע עס פעהלען אין זיי ווערטער, און טייל מאָל פאַרבייט ער לשון זכר אויף לשון נקבה, וואו עס דאַרף זיי איינצאָהל איז געשריבען מעהר צאָהל. טהייל מאָל איז פאַרביטען „נוכח״ אויף „נסתר״, וואו עס דאַרף זיין געשריבען צווייטער פער־זאָן איז געשריבען דער לשון ווי אויף אַ דריטע פערזאָן, עבר אויף עתיד און פאַרקערט. אויך איז ער נישט געווען פארפאלקאָמט אין דער אָרטאָגראַפיע פון די שפּראַך, אין דעם ספר געפינען זיך א גרויסע צאָהל ווערטער פון קרי און כתיב, דאָס הייסט אזעלכע ווער־טער וועלכע זיינען געשריבען אזוי, און לייענען דאַרף מען זיי אנדערש, אין געגענזאץ צו די איבעריגע „כתבי

הקודש", היילינע שריפטען. דער אברבנאל איז געקו־
מען צו דער השערה (מיינונג) אז דער נביא ירמיהו
איז נאך נישט געווען פארפאלקאמט אין די געזעצען
פון דער שפראך און איהר געשמאק, ווייל ער האט
אנגעהויבען זיינע נביאות זייענדיג נאך גאר יונג און
טאקע ווען ג־ט האט איהם גערופען און אים באשטימט
צו זיין א נביא, האט ער אין אנפאנג נישט געוואלט
זיין קיין נביא, מאטיווירענדיג מיט דעם: „לא ידעתי
דבר כי נער אנכי" (איך קען נישט ריידען ווייל איך
בין נאך יונג). לויט די רייד פון דעם גאון אברבנאל
קומט די נבואה לויט די שפראך פון דעם נביא. עהנליך
צו די רייד פון אברבנאל האב איך געפונען אין דעם
פירוש פון רבי שם טוב אין „מורה נבוכים" חלק שני
פרק כ"ט, וואו ער שרייבט: „אויב דער נביא איז אן
אראבער אדער פון אן אנדער שפראך ברענגט ער די
נבואה אין דער שפראך וואס ער רעדט אין איהר, ווייל
אויבען איז נישטא קיין שום ריידען און ווערטער".
נאר מען ווייזט איהם די נבואה און ער זעלבסט דארף
דאס איבערגעבען לויט זיין שפראך און זיין טאלאנט.
לויט נאך זייערע רייד קומט אוים: אז לויט די פער־
פאלקאמהייט פון דעם נביא און די רעגעלען פון דער
שפראך און איהר געשמאק קומט זיין נבואה. דעריבער
איז דער אברבנאל משער אז צוליב דעם וואס דער נביא
ירמיהו איז נאך געווען גאר יונג האט ער נאך נישט
באוויזען צו ערלערנען פאלקאם די שפראך, איז דאס
די סיבה פון די פעהלערען אין דער שפראך זיינער.

**אבער דער מלבי"ם** איז נישט צופרידען פון דעם אברבנאל'ס השערה און זאָגט אז דער אברבנאל ווידערשפרעכט זיך אליין דען ער אליין האָט דאָך אויפ־געהויבען דעם כבוד פון דעם נביא ירמיהו העכער איבער אלע נביאים זאָגענדיג אויף איהם, אז מיט זיין חכמה און פארפאלקאמענהייט איז ער געווען נאָהענט צו דעם אדון הנביאים משה רבנו עליו השלום, און בכלל ווי קען ער דאָס מעסטען מיט א געוויינליכע מאָס די שפראַך פון דעם דאָזיגען נביא, און אויך ווי אזוי קען ער ריידען וועגען דעם אזוי ווי עס בעגרייפען חכמים און תלמידים די קלוגע רייד וועלכע זיי האָבען איבער־גענומען פון זייערע לעהרער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען לויט די געזעצען פון דער שפראך און צו זיי שטימען מיט דעם שכל און חכמה. אָבער ווי קען מען דאָס באגרעניצען די מדרגה פון ג־ט'ס נביא און ארויס־געבען אן אורטייל פון קריטיק צי ער איז געווען פאָל־קאָם מיט אלע מעלות צו רעדען מיט שפראך פון געלעהרטע און צו וויסען די רעגלען פון דער שפראך. ווי קען עס גאָר ארויף אויף דעם געדאנק פון א מענטש וועלכער איז פאָלקאָם אין תורה און אמונה צו קריטי־קירען די געטליכע שפראך, פון וועלכער דער געטלי־כער נביא שעפט זיין נבואה. און אויב אזוי ווי קען מען אָפהענגיג מאַכען די פעהלערהאפטקייט פון דעם סטיל און שפראך און די אונוויסענהייט פון דעם נביא, דאָס איז אונערהערט צו האָבען אזא השערה וועגען די רייד פון אונזער נביא. ווי גערעכט זיינען דעם

מלבי״ם׳ס רייד וועגען דעם, מיר דאכט זיך אז אום צו קריטיקירען דעם נביא׳ס רייד, דארף מען אליין זיין א נביא, דער מלבי״ם ווי זיין שטייגער, ווענדעט אָפּ די רייד פון דעם גאון דעם שר, און גלייכט אוים די פעלע־רען אין דער שפּראך. נאָך מיין שוואכען מיינונג און מינדער ווערדיגקייט וואָלט איך געזאָגט, אז די געזעצען פון דער שפּראך און סטיל וועלכע געפינען זיך אין די רייד פון דעם נביא ערקלערען אונז נאָך בעסער דעם זין פון זיין נבואה, און אזוי ווי דער אינזשעניר קען ניט קריטיקירען די באשאפונג פון דער וועלט דערמיט וואָס עס געפינען זיך בערג און טאָלען, אזוי קענען מיר נישט קריטיקירען די רייד פון דעם נביא אז עס איז נישט גלייך אומעטום. מיר דארפען פארשטעהן אז דעם נביא׳ס רייד זיינען די רייד פון דעם לעבעדיגען ג־ט, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען מיט דער גרעס־טער פאָלקאָמענהייט און אויך די פעהלערען זיינען נישט קיין פעהלערען, נאָר פאָלקאָמענהייט, אזוי ווי מיר וועלען ערקלערען, מיט ג־ט׳ס הילף.

## די דריי ספרים פון שלמה המלך

**מיר וועלען ברייגגען** צו דער צו א הקדמה (א פאָררעדע), צו ווייזען אז אין די פעלערהאפטע שפּראך פון דעם נביא איז קיין פעהלער נישטאָ נאָר דאָס איז אויך א טייל פון זיין נבואה, און ווען נישט

דער פעהלער וואָלט אונז געפעהלט דער באגריף און דער ריכטיגער זין פון דער נבואה. עס איז פאַרהאַן ביי אונז א טראדיציע אז די דריי ספרים: „שיר השירים", „משלי" און „קהלת" האָט איין פארפאסער זיי פער־פאַסט, און דאָס איז דער חכם מכל אדם שלמה המלך ע"ה. פיעל פון די פרייע בייבעל קריטיקער זיינען געגען די דאָזיגע טראדיציע, מאָטיווירענדיג מיט דעם וואָס ווער עס לייענט די דאָזיגע ספרים, זעהט און דערקענט אז ניט איין חכם האָט זיי פארפאסט, ווייל זיי זיינען פארשיידען איינער פון צווייטען מיט זייער סטיל און מיט זייער אינהאַלט און עס איז נישטאָ קיין עהנליכ־קייט צווישען זיי. און דעריבער איז זייער מיינונג אז נישט איין חכם האָט זיי פארפאסט, נאָר יעדער איינער פון די דריי ספרים האָט געהאַט אַן אנדער פאַרפאַסער, ווייל די דערמאָנטע ספרים זיינען ווייט איינע פון צוויי־טען מיט זייערע מיינונגען און מיט זייערע אָנבליקען, פון אָנהויב ביז דעם סוף. צום ביישפיעל: ווען מיר לייענען דעם ספר „שיר השירים", זעהען מיר זיין פאַר־פאַסער אַלס מענטש וואָס האָט ליעב דאָס לעבען אָהן א גרעניץ, אין יעדען וואָרט און בוכשטאַב זעהען מיר, אז זיין בליק אויף דעם לעבען איז א פרעהליכער און לוסטיגער. דער ספר הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „שיר השירים" (דער געזאַנג איבער אלע געזאַנגען) און אזוי אויך אלע זיינע פסוקים און ווערטער זיינען פול מיט זיסקייט פון לעבען, מיר געפינען אין איהם ליבעס קושען, בעכערס וויין, עפּעל, גערטנער, בלומען,

רויזען, בייטען בשמים, שיינע אויגען, ליעבע, בערג און טאָהלען. דער סך הכל פון דעם ספר איז: אז מיר געפינען אין איהם די ליבשאַפט פון לעבען מיט אלע איינצעהלייטען און פינקטליכקייטען, אז מען קאָן גאָר אנדערש נישט דענקען און קלערען אז דער פערפאַסער פון דעם ספר שיר השירים איז דער גרעסטער אָפּטימיסט.

**ווען מיר לייענען** דעם ספר „משלי" זעהען מיר גאָר פאַר זיך אין גאַנצען אַן אַנדער וועלט, די אייגענשאַפט פון דעם פערפאַסער פון דאָזיגען ספר לאָזט זיך דערקענען באַלד אין דער ערשטער שורה, ווען ער הויבט אָן זיינע רייד מיט דעם נוסח: „לדעת חכמה ומוסר", און אזוי ווייטער. דער ספר איז פול שטראָף רייד און קריטיק אויף די מענשען, וועלכע מאַכען דעם לעבען פאר דעם ציעל פון דער בעשאַפונג — זיך צו באנוצען מיט אלע נאַטור פארגעניגענס צו מאַכען דעם לעבען אַנגענעהם. ער קריטיקירט אין דעם דאָזיגען ספר די קושען און די ליעבעס אונטערהאַלטונגען, דאָס ארומדרעהען זיך אין די מאַרקען און גאַסען. די אלע זאַכען, וועלכע דער חכם, דער פערפאַסער פון ספר „שיר השירים" לויבט און ריהמט זיי אין זיין ספר, זעהען מיר, אז דער חכם און פערפאַסער פון דעם ספר „משלי" קריטיקירט און טאַדעלט זיי, מאָלט זיי אין שוואַרצע פאַרבען. ווער עס האָט אָן אָפענעם אויג זעט, אז די דאָזיגע צוויי ספרים זיינען נישט פערפאַסט גע-

וואָרען פון איין פערפאַסער, און נאָך מעהר, וועגען דריטען ספר, ווען מיר לייענען דעם ספר „קהלת", זיי־נען מיר געצווינגען צו באַשליסען אינ'ם פולען זין פון וואָרט, אַז דאָס איז באַשטימט אַן אַנדער פערפאַסער, ווייל דער ספר הויבט זיך אָן מיט'ן פעסימיסטישען נוסח: „הבל הבלים הכל הבל" (אַלץ איז נישטיג און איבער-נישטיג). ער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין איין געביט אין לעבען, ער זאָל איהם אין זיין ספר ניט בע־האַנדלען און קומט צום שלוס, אַז „הכל הבל" (אַלץ איז נאַריש). ווער וואָלט דאָס גאָר געקענט זאָגען, אַז דער פערפאַסער פון „קהלת" איז דער זעלבער, וואָס פון „שיר השירים"? זיי זיינען דאָך ווייט איינער פון צוויי־טען, ווי ס'איז ווייט מזרח פון מערב. אַזוי קריטיקירען די פרייע בייביל-קריטיקער די טראַדיציע, וועלכע מיר גלויבען, אַז די דריי אויבען דערמאָנטע ספרים זיינען פערפאַסט געוואָרען פון שלמה המלך עליו השלום.

## יעדער איינער פון די געלערענטע האָט זיך זיין באַזונדערען סטיל

**אבער מיר מאמינים** בני מאמינים, וועלכע גלויבען אין דער מסורה (טראַדיציע) וואָס מיר האָבען איבערגענומען פון אונזערע חכמים און פון אונזערע עלטערען, איז ביי אונז נישטאָ דער מינדסטער צווייפעל, אַז די דריי ספרים זיינען פערפאַסט געוואָרען

דורך שלמה המלך עליו השלום, לויט ווי זיי זיינען געשריבען: „שיר השירים אשר לשלמה", „משלי שלמה בן דוד", און אויך דער ספר קהלת, אבוואָהל עס ווערט נישט דערמאָנט אויסדריקליך דער נאָמען שלמה, אָבער די חז"ל האָבען ערקלערט אין מדרש רבה אז קהלת איז שלמה, נאָר ער ווערט אמאָל גערופען מיט דעם נאָמען קהלת, ווייל זיינע רייד זיינען געזאָגט געוואָרען בקהל (פאר פארזאמלונגען). די טראדיציע און די קבלה האָט אונז נישט אָפגענארט און געווים זיינען זיי אמת און ריכטיג, אַז די דריי ספרים זיינען געשריבען געוואָרען דורך שלמה המלך עליו השלום, און דאָס וואָס די קריטיקער זעהען אין זיי א ענדערונג אין דער אייגענשאַפט פון דעם פערפאַסער, דער אויבערפלעכליכער, איינפאַכער שכל איז טאַקע מחיב אז זיי זיינען גערעכט, ווייל אותיות מחכימות (די בוכשטאַבען מאכען קלוג).
איך האָב געהערט דערצעהלען וועגען דעם גאון רבנו חיים סאלאווייטשיק זכרונו לברכה, אז איינמאָל זייענדיג, וועגען די אינטערעסען פון וואָלאָזשינער ישיבה, אונטערוועגענס, זייענדיג אין דענענבורג ביים גאון הדור אין יענער צייט רבנו ראובן אב בית דין פון דער דערמאָנטער שטאדט האָבען זיך די גאונים זכרם לברכה מכבד געווען איינער דעם צווייטען צו זאָגען תורה. רבי חיים סאָלאָווייטשיק איז דאַן נאָך געווען אַ יונגער מאַן, האָט ער ניט געוואָלט אָנהויבען און האָט געבעטען דאָס אָלס שטאט רב זאָל רבי ראובן אָנהויבען. רבי ראובן האָט אָנגעהויבען צו רעפערירען א תשובה

וועלכע ער האָט געענטפערט וועגען א שאלת עגונה. ווען רבי ראובן האָט געענדיגט די שאלה האָט איהם רבי חיים סאָלאָווייטשיק געבעטען ער זאָל איהם ער־לויבען צו ענטפערען די תשובה. רבי ראובן האָט איהם ערלויבט. האָט ר׳ חיים בריסקער אָנגעהויבען מיט דעם פאָלגענדען נוסח: געווים האָט דער גאון רבי ראובן דענענבורגער רב געבראכט יענע גמרא און האָט אָפּגעשלאָגען אַזוי, און נאָכהער האָט ער געבראַכט יענעם ירושלמי און ער האָט געווים אזוי און אזוי אָפּ־געשלאָגען און ער האָט געווים נאָכהער געבראכט יענעם רמב״ם מיט דעם תוספות פון יבמות, אַזוי האָט רבי חיים דיספוטירט די גאנצע תשובה אין נאָמען פון רבי ראובן דווינסקער. דער גאון רבי ראובן האָט זיך זייער געוואונדערט און מיט ערשטוינונג האָט ער אויס־געשריען די פאָלגענדע ווערטער: וואָלאָזשינער ראש הישיבה רבי חיים, איהר זאָגט דאָך אות באות ווי איך האָב געענטפערט פון אָנהויב ביז צום סוף, אז דאָס איז מיט כשוף קען איך געווים נישט זאָגען, רבי חיים וועט נישט עובר זיין אויפ׳ן איסור כשוף, איז עס געווים מיט נבואה, ווארום די תשובה האָט נאָך קיין מענש נישט געזעהן, דען ערשט נעכטיגע נאַכט האָב איך איהר געמאַכט און היינט אין דער פריה האָב איך איהר אוועקגעשיקט דורך דער פאָסט און די תשובה איז נאָך אין וועג. האָט איהם דער גאון רבי חיים אויפגעקלערט די מעשה אזוי: איך האָב איינמאָל געזעהן אין וואלא־זשין אייער א תשובה אין א ענין וועגען חמץ ומצה

און זעהענדיג אייער סדר אין פלפול התורה האָב איך פון דער פארשטאַנען וואָס איהר דאַרפט זיך מפלפל זיין אין דער תשובת עגונה. די דערצעהלונג פאַר־שטאַרקט נאָך די השערה פון די קריטיקער, וואָס מיר האָבען דערמאָנט, דאָס הייסט: אז יעדער חכם האָט זיך זיין בעזונדערען סטיל, אזוי אין חכמת התורה און אזוי אין אנדערע חכמות. מען קען דערקענען פון איין ספר אויפ'ן צווייטען ווען זיין פערפאסער איז, אויך קען מען דערקאנען דעם פערפאסער, זיין כאראקטער, מדות און נאַטור, פון זיין ספר. און לויט דעם: בלייבט די קריטיק וועגען דער טראדיציע פון דריי ספרי הקודש (הייליגע ספרים) אין איהר קראַפט.

## דער יוגענד פעריאָד

**עס האָבען דאָס** שוין לאנג באמערקט די חז"ל און זייער מיינונג איז ווי דער באוואוסטער שפריכוואָרט: „ווילסטו קענען דעם דיכטער זאָלסטו געהן אויף דעם אָרט וואו זיין וואוינונג און זעהן ווי ער לעבט". אזוי איז אויך אין דער הינזיכט פון די דערמאָנטע ספרים. אויב די קריטיקער ווילען קריטי־קירען די טראדיציע וועגען דעם פערפאסער פון די אויבענדערמאָנטע ספרים, זאָלען זיי זיך פערטיפען אום צו פארשטעהן די אורזאכע וואָס זייער סטיל און אינ־

האַלט זיינען פארשידען איינער פון צווייטען. זאָלען די קריטיקער באטראכטען די צייטען אין וועלכע יעדער ספר איז פארפאסט געוואָרען. דאָס געפינט זיך אין מדרש רבה שיר השירים ג׳: רבי יונתן זאָגט: „שיר השירים” האָט שלמה המלך פריהער געשריבען נאָכער „משלי” און „קהלת” צום סוף, און א באוויז ברענגט ער פון דער נאטירליכקייט: אז ווען דער מענש איז יונג, רעדט ער פון געזאַנג; איז ער עלטער געוואָרען, רעדט ער מיט משלים; קומט ער אויף דער עלטער, רעדט ער וועגען נישטיקייט. דערמיט מאָטיווירט אונז רבי יונתן די אורזאַכע פון דער ענדערונג און דער אייגענשאפט פון די דאָזיגע ספרים, אז די אורזאכע איז די ענדערונג פון די צייטען, דען עס איז נאטירליך אז בעת דער מענש איז נאָך יונג, פול מיט יוגענד קרעפ־טען, דאן איז ער מיט די נאטור ווי א צווילינג, וועלכע קושען און האַלדזען זיך, אויף יעדען אָרט איז דער מענש און די נאטור צוזאַמען, סיי ווען ער געהט, סיי ווען ער שטעהט, און סיי ווען ער זיצט, איז די נאטור מיט איהם, גרייט זיך מיט איהם צו שפּילען און זיך צו ליעבען. אלץ וואָס איז דאָ אין דער נאַטור רופט דעם יונגען מאַן זיך צו באנוצען מיט דעם, און דער יונגער מאַן ווייסט זיך אפצורופען צו דער שטימע וועלכע רופט איהם. צום ביישפּיעל: ווען די זומער טעג קומען אָן, און די זון פון דעם בלויען הימעל פערשפּרייט זיינע זילבערנע שטראַהלען אויף דער וועלט, דער יונגערמאַן פארשטעהט און פיהלט וואָס די זון רעדט צו איהם,

און הערט זיך צו צו איהר רוף: „יונגער מאַן קום צו מיר און מיר וועלען זיך בעפריינדען, מיר וועלען איינער דעם אנדערען ארומנעהמען, דאָרטען אין די גערטנער, אין די וועלדער, אויף די בערג און אין די טהאָלען, אין די גראָז און אין די טייכען". דער יונגער מאן הערט די שטימע וועלכע רופט איהם מיט אזוי פיעל ליעבע און גערן. קליידט זיך אין עלעגאַנטע קליידער וועלכע זיי-נען צוגעפּאַסט צו דער פּראַכט פון דער צייט, און לויפט מיט חשק צו די ערטער וואו ער ווערט גערופען צו פאַרברייגגען פרעהליך און צו געניסען פון די פרישע און ריינע לופט און רייסען בלומען. דער יונגען מאַן פיהלט, אז די גאנצע נאַטור, יעדער בוים, יעדער צווייג און יעדעס גרעזעל, אלץ וואָס אויבען אויף דעם הימעל, די זון, די לבנה, די שטערען און די וואָלקען, און אלץ וואָס אויף דער ערד אונטען, אלע זיינען זיי איהם ליבע פריינד וועלכע פערלאַנגען זיין נאָהענטקייט. אפילו אין דער צייט פון הערבסט (פאָל) ווען די הימלען זיי-נען טרויעריג, באצויגען מיט שווארצע וואָלקענס, טרי-פען ווי טרערען, די אויבערפלאַך פון דער ערד איז באדעקט מיט שניי, באקליידעט אין ווייסע תכריכים, נישטאָ קיין גראָז, נישט קיין בלומען, די גאַנצע נאַטור איז פארגליווערט אויך דאָס וואַסער אין די טייכען איז פארפרוירען — אויך דאַמאָלס וויים דער יונגער מאן זיך צו באַנוצען מיט דער נאַטור אום זיך צו פערוויילען. ער געפינט אפילו אויך דאַמאָלס מיט וואָס אָנגענעהם צו פאַרברענגען די צייט. דער יונגער מאן טהוט זיך אָן

אין די מלבושים וועלכע זיינען צוגעפאסט פאר יענער צייט, טהוט אן אויף די פיס שליט-שיך און לאזט זיך גליטשען אויף דעם פארפרוירענעם טייך. אויך מאכט ער א שפאציר אין געזעלשאפט פון חברים מיט א שלי-טען, אויך די אומעטיגע לאנגע נעכט פון הערבסט (פאל) מיט אלע זייערע שרעקליכקייטען באגלייט מיט דעם פייפען פון די קאלטע ווינטען, אויך זיי שטערען נישט דעם יונגען מאן צו טרינקען פון פארגעניגענס כוס, אויך אין יענע נעכט געפינט דער יונגער מאן אין א באלויכטענעם זאל אין דער געזעלשאפט פון פריינד און פריינדינס, אן ארקעסטער פון פארשידענע מוזי-קאלישע אינסטרומענטען שפילט, און די פארלעך לא-זען זיך טאנצען, די פיס הויבען זיך פון זיך אליין.

**געווים ווען דער** חכם וועלכער שרייבט א וויסענ-שאפטליכען ספר אין זיין יוגענד, דאן איז קיין צווייפעל נישט אז ער ווערט באווירקט פון זיין צייט, אפילו ווען ער שרייבט אין זיין ספר וועגען גאר הויכע ענינים וועגען די שרפים און אופנים, אויך ווען ער פרובירט צו פליהען ביז צום כסא הכבוד, איז מיט זיין גאנצער גרוים פון זיין חכמה און זיינע הויכע ענינים קען ער זיך דאך נישט באפרייען פון דער ווירקונג פון דער נאטור וואס רינגעלט איהם ארום, און די העכסטע ערהאבענסטע געדאנקען וועלכע האבען נישט קיין שום צוזאמענהאנג מיט דעם איינפאכען מאטעריעלישען לעבען מוז ער, נישט ווילענדיג, זיי אנקליידען

מיט דער פּראַכט פון דער נאַטור וואָס ארום איהם. און זיינע גייסטיגסטע און איידעלסטע געדאנקען פארקער־פּערט ער אָנקליידענדיג זיי מיט דער ליעבליכער שיינ־קייט פון דער נאַטור. אין דעם ספר החכמה פון דעם יונגען מענטש, געפינען מיר צווישען יעדע שורה א שיינענדיגע זון אין דער מיט פון א בלויען הימעל, דאָס געזאַנג פון דעם נאַכטיגאַל צווישען די צעדער פון לבנון.

**וועגען דעם ספר** „שיר השירים״ האָט געזאָגט רבי עקיבא: (מסכת ידים פרק ג׳) אז „אלע שריפטען זיינען קודש און שיר השירים איז קודש קדשים״ (אין מדרש רבה שיר השירים) אין אלע שירים איז: אדער ג־ט לויבט די אידען, אדער די אידען לויבען ג־ט. אין משה׳ס שירה, אין איין שירה לויבט ער ג־ט, וואו ער זאָגט: „זה אלי ואנוהו״ (דאָס איז מיין ג־ט און איך וועל איהם באשיינען), און אין דער שירה פון האזינו לויבט ג־ט די אידען: „ירכיבהו על במתי ארץ״. ער הויבט איהם אויף ביז צו דער העכסטער שטופע, אָבער דא אין „שיר השירים״ לויבט ג־ט די אידען: „הנך יפה רעיתי״ (שעהן ביזטו מיין געליבטע) און די אידען לויבען ג־ט: „הנך יפה דודי אף נעים״ (שעהן ביסטו מיין געליבטער אויך אנגענעהם). אין דער דאָ־זיגער שירה ווערט גערעדט וועגען דער ליבעס פאר־בינדונג צווישען ג־ט און אידען וועגען דער איבערגע־בענדער ליבשאַפט פון די אידען צו ג־ט, אין אלע

ציימען, סיי אין די גאָלדענע ציימען און סיי אין די פינסמערע ציימען חס ושלום. דער ספר שיר השירים, וועלכער איז קודש קדשים, פול מימ היילינקיימ פון אַנהויב ביז צו אלע זיינע ברענען מימ געמליכע פילאָזאָפיע, מאָראַל און וויסענשאַפט געשלאָסען צוזאמען. דער דאָזיגער ספר איז פול מימ היילינקיימ, און דאָס וואָס ער איז אָנגעקליידעט מימ א סטיל פון קערפּער־ליכע ליעבעס געזאַנג נישט ווי אלע מוסר ספרים, האָט אויף דעם באמערקט רבי יונתן: אז שיר השירים האָט שלמה המלך געשריבען ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, און אין דער יוגענד רעדט דער מענטש מימ גע־זאַנג. צוליב דעם איז דער דאָזיגער ספר ארומגערינ־געלט און ארומגעוויקעלט מיט ליבליכקייטען און מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור. די יוגענטליכקייט פון דעם געטליכען חכם האָט איהם געהאָלפען אונז צו דערלאַנגען די גייסטיגע שפּייז פון הימעל אין דער באַ־קליידונג פון דער נאַטור. מיר הערען דעם געזאַנג פון דעם נאַכטיגאַל, מיר פיהלען דאָס ליעבענדע קושען, דעם גלאַנץ פון דער זון, דעם שפּאַציר אין די גערטנער און וועלדער, דאָס טרינקען פון די בעכערס וויין אין דער געזעלשאַפט פון פריינד, מיר האָבען פאר זיך די גאַנצע פּראַכט פון דער נאַטור. אלץ וואָס איז שיין און גוט דערלאַנגט אונז דער חכם מכל אדם אין דעם דאָזי־גען ספר: וויינגערטנער, פּאַרקען, מילגרוימען, וויינ־טרויבען, ליליען פון דעם שרון, רויזען פון די טאָהלען, טויבען אויגען, בייטען בשמים, קוואַלען וואַסער, דער

בליק פון מאָרגענשטערען, די שעהנקייט פון דער לבנה, זילבער, גאָלד, דיאמאנטען, און פארגעניגונגם ליבע, אין דעם איז נישטאָ א ערנידערונג פון דער קדושה, נאָר פאַרקערט, א דערהויבונג פון דער נאטור צו דער הויך פון ריינער הייליגקייט.

## דער פעריאָד פון די פערציגער יאָהרען אין מענטשליכען לעבען

**ווען דער מענטש** דערגרייכט צו דעם לעבענ׳ס פעריאָד פון איבער די פערציגער יאָהרען, הויבט איהם אָן די נאַטור לאַנגזאַם צו פארלאָזען, גלייך ווי זי וואָלט מיט איהם ברוגז געוואָרען. דער מענטש פון זיין זייט, וויל נישט אראָפּ בויגען דעם קאָפּ און וויל זיך נאָך אזוי געשווינד נישט אונטערגעבען, ער וויל נישט פלוצלונג פארלאָזען זיינע יוגענד פריינד: די נאַטור מיט איהר שיינקייט, און ער פּרובירט נאָך צו פארברייינגען זיין צייט אין דער געזעלשאפט פון יונגע מענטשען. באמיהט זיך נאָך צו האַלטען יונג, שערט זיך נאָך די באָרד, פרעסט די הויזען זיי זאָלען אויסזעהן עלעגאנט מיט׳ן קנייטש אין דער מיטען, אָבער די נאַטור טהוט זיך איהר׳ס. זי שטופּט דעם מענטש מיט ביידע הענט פון זיך אוועק, אויף יעדען טריט און שריט זאָגט צו איהם די נאַטור, מיט אלע איהרע באגלייטער:

געה פון אונז, ווייל די עלטער הויבט זיך שוין אָן צו לייגען אויף דיר און דו ביזט שוין נישט מעהר פּאסיג פאר אונזער געזעלשאפט. אויב עס טרעפט אפילו א פאַל וואָס די יוגענטליכע באעהרען דעם פערציג יאָהריגען מענטש צו פארברענגען אין זייער געזעלשאפט, איז דאָס פאַלש, ווייל אין הארצען וויל מען איהם נישט האָבען. אין די פעראייניגטע שטאַטען איז דער מנהג, אז יעדען זונטאג, אָדער אין אן אנדער פרייען טאָג, ווען מען ארבייט נישט, נעמען די קינדער זייערע עלטערען אויף אַ שפּאַציר (רייט). זיי קומען מיט זייער אויטאָמאָביל צו זייערע עלטערענס הויז. ווען זיי קומען צו צום הויז בלאָזען זיי מיט דעם האָרען פון מאַשין. דאָס איז א סיגנאַל אז די עלטערען זאָלען ארויסקומען פון הויז און אריין געהן אין מאַשין. די עלטערען קומען גיך אַראָפּ און געהען אריין אין מאַשין. ווען די אַלטע טאַטע-מאַמע וואָלטען זיך דאָן גוט צוגעקוקט צו זייער שנור׳ס געזיכט, וואָלטען זיי געזעהן דעם בעהאַלטענעם שפּאָט אין איהרע אויגען וועלכע זאָגען: אַלטע נאַרען, גלייכער וואָלט איהר געזעסען אין הויז ביי זיך און נישט שטערען אונז דעם שפּאַציר. אויך דער מענטש אין זיך אינעווייניג שפּירט דאָס, דער וויין, די מילגרוימען און די בשמים בייטען, אויך די ליעבע פאַרגעניגענס אינטערעסירען איהם נישט אזוי.

**זעלבסטפארשטענדליך** אז אויב דער חכם שרייבט א וויסענשאַפטליכען ספר אין דעם דאָזיגען

לעבענס פעריאד, אָהן צווייפעל ווערט ער באַווירקט פון דעם לעבענס פעריאד אין וועלכען ער לעבט. און זיין יוגענד פריינד, וועלכער רופט זיך נאַטור, וועלכער איז איהם געוועזן צו הילף שטענדיג אין אלע ווינקלען פון זיין לעבען אומעטום איז ער מיט איהם מיטגעגאַנ־גען: אויף די מערק, אין די גאסען, אין די צימערען, אויך אין זיינע ספרים און זיינע קלוגע שאפונגען איז איהם געוועזן די נאַטור אלס בעלייכטער. איצטער אָבער פאַרלאָזט זי איהם, אויך אין זיינע וויסענשאפטליכע ספרים איז איבערגעסירען געוואָרען דאָס געזאַנג, דער סטיל, דער געשמאַק, זיינען אויך אַלט געוואָרען. אויב אפילו דער חכם ברענגט אריין די נאַטור אין זיין ספר, אָבער די שיינקייט פון דער נאַטור איז שוין נישטאָ, ס'איז שוין פארשוואונדען. דאָס, זאָגט רבי יונתן, זאָלט איהר זיך נישט וואונדערען אויב שלמה המלך האָט געשריבען אויך דעם „ספר משלי״. אוואו איז די שירה, די פראַכט, די שיינקייט וואָס ער האָט געלעבט מיט זיי אין זיין ספר „שיר השירים״? אויף דעם איז פאַרהאַן א פשוט'ער און פארשטענדליכער טעם: ווען האָט ער געשריבען משלי? ווען ער איז עלטער געוואָרען, דען אזוי איז דער שטייגער פון דער וועלט: אז מען ווערט עלטער זאָגט מען משלים. דער ווייַן, די ליעבע, די גערטנער און די בלומען און נאָך פון די נאַטור אָנגע־נעהמליכקייטען, אלץ וואָס ער האָט אין זיינע יונגע יאָהרען געריהמט און געלויבט, האָט ער אין זיין ספר וועלכען ער האָט פערפאַסט ווען ער איז עלטער געוואָ־

רען, נישט נאָר וואָס ער לויבט זיי נישט, נאָר פאַר־קערט: ער קריטיקירט און טאַדעלט זיי. אנשטאַט „מנשיקות פיהו", זאָגט ער: „לדעת חכמה ומוסר". אנשטאַט: „סמכוני באשישות", זאָגט ער: „לץ היין הומה שכר". און אנשטאַט „בקשתי את שאהבה נפשי" זאָגט ער: „הומיה היה וסוררת".

## דער עלטער פּעריאָד

**דער פּעריאָד וועגען** וועלכען מיר האָבען גערעדט ציהט זיך פון די פערציגער יאָהרען ביז צו די זעכציגסטע יאָהרען, און פון די זעכציגסטע יאָהרען אָן הויבט זיך אָן גאָר אן אנדער תקופה אין מענטשען׳ס לעבען, די תקופה רופט זיך ימי הזקנה (יאָהרען פון עלטער). עס הויבען זיך אָן די ימי הירידה (די אראָפּ־גאַנגס יאָהרען). די שוואַכקייט אין מענטשען פאַר־שטאַרקט זיך. די הענד הויבען אָן צו ציטערען, די פיס שוואַכער, די ציין הויבען אָן ארויסצופאַלען, דער מאָגען מאָהלט נישט, די אויגען טונקעלער, אין דעם פּעריאָד טרעט אַלץ אָפּ. ווי אלע רמ"ח אברים און שס"ה גידים (אדערען) וואָלטען זיך געבונטעוועט געגען איהם, די נאַטור איז אזוי ווי פרעמד פאר דעם זעכציג יאָהריגען מענטש. קיין שום פאַרבינדונג איז נישט צווישען דער נאַטור און דעם מענטש, וועלכער רופט זיך אַלטער. נישט נאָר וואָס די נאטור דערנענטערט איהם נישט

צו זיך, נאָר זי דערווייטערט איהם נאָך פון זיך אויף יעדען טריט און שריט. די נאַטור פאַרפאָלגט דעם אַלטען, די זון, וועלכע מאַכט פרייליך דעם מענטשען, וועלכע רופט די ערד און אלע וואָס וואוינען אויף איהר צום לעבען, מאַכט דעם אַלטען נישט פרעהליך. די שטראַהלען פון דער זון פערשאַפען איהם קאָפּ-ווייטאָג. ווען דער אַלטער מאַן געהט אויף א באַרגיגען אָרט, קלאָגט ער זיך אז דאָס האַרץ קלאַפּט איהם. געהט ער אַראָפּ באַרג, קלאָגט ער זיך אז די קניהען ציטערען איהם, און ווען דער הערבסט (פאָל) קומט אָן געפינט ער זיך קיין אָרט נישט, פיהלט א קעלט אין די ביינער, ווען עס קומען אָן די לאַנגע נעכט באַטראַכט דעם אַלטען ביי איהם אין צימער, ווי אויף זיין געלעגער דרייט ער זיך אַ גאַנצע נאַכט פון איין זייט אויף דער צווייטער און מיט שטילע זיפצען פון טיפען האַרצען באַקלאָגט ער זיך (ער זיפצט שטיל, כדי די שטוב-מענטשען זאָלען זיך נישט אויפוועקען פון שלאָף און מיט פאַרדרוס אויסשרייען דאָס דער אַלטער מאַכט אַ טומעל) : אוי וויי, ווי לאַנג די נאַכט ציהט זיך, זי איז לאַנג ווי דער אידישער גלות. וואו נאָר דער אַלטער שטעהט און געהט, הערט ער דעם פזמון : „אַלטער וואָס דרייםטו זיך אונטער די פיס, מאַך פריי דעם אָרט". אויך זיין ליבע הויז-געזינד, פאַר וועלכער האָט זיינע אַלע יאָהרען שווער געאַרבייט גיבען איהם צו שפירען, אַז ער איז אַן אַלטער, אַז ער קען שוין נישט גערעכענט ווערען אַלם גלייכער מיט אַלעמען. מען רופט איהם שוין ניט

מיט דעם נאָמען „פאָטער", אָדער „באָס", נאָר ער באַ־
קומט אַ פרישען נאָמען „אָלד מען". דאָ אין דער מדינה
ווייס מען גוט וואָס עס מיינט אַן אַלטע זאַך, ווען אַ
נייע קאָסט הונדערטער, איז דזשאָנק ווערט פאַרקויפט
אין סענטען, דעם פרייליכען פנים, וואָס ער האָט געהאַט
אין זיינע יונגע יאָהרען דערקענט מען שוין נישט מעהר
אפילו ער זיך זעלבסט דערקענט שוין אויך נישט ווייל
ער איז שוין געוואָרען גאָר אַן אנדער מענטש.

**אין דעם דאָזיגען** לעבענס פעריאָד ווען דער חכם
פערפאַסט אַ וויסענשאַפטליך ספר, זעהט
זיך ארוים די זקנה פון צווישען זיינע שורות, דאָס גע־
זאַנג איז פאַרשוואונדען, די משלים זיינען שוין אויך
מעהר ניטאָ, די זקנה שוועבט איבער'ן געדאַנק און
סטיל. אויף יעדען אויסדרוק אין ספר ליגט דער זיגעל
פון אַלטקייט, דאָס האָט רבי יונתן געזאָגט: „ווען שלמה
המלך איז אַלט געוואָרען האָט ער גערעדט, אז אַלעס
איז נאַרישקייט". שלמה המלך דער חכם, דער יונגער
מאַן, דער זינגער פון די געזאַנגען, דער מחבר פון דעם
ספר, וואָס איז פול פראַכט און נאַטור שיינקייט, איז
שוין ניטאָ. אויך דער פערפאַסער פון די משלים איז שוין
מעהר נישטאָ. דער קעניג שלמה איז שוין נישט מעהר
דאָס וואָס ער איז געווען. אויף זיין אָרט איז געקומען
שלמה המלך דער פארפאסער פון „קהלת". אַן אַלטער,
אַ פארפאָלגטער פון דער נאַטור און פון אַלץ וואָס
געפינט זיך אויף דער וועלט. אין ספר קהלת איז נישט

צו דערקענען דעם שלמה המלך פון שיר השירים, אבוואָהל אין חכמה און וויסענשאַפט און הייליגקייט און ריינקייט זיינען זיי נישט פערשיידען איינער פון צווייטען. אלע האָבען זיי איין כונה, נעמליך: ריינע ליבע און גאָטספאָרכטיגקייט, אָבער דער אַלטער חכם קען זיך נישט באפרייען פון זיין אלטקייט און באלד אין אָנפאַנג פון זיין ספר שרייבט ער דאָס וואָרט הבל (נארישקייט). מיט הבל הויבט ער איהם אָן און מיט הבל ענדיגט ער איהם. ער זאָגט אז די גאַנצע וועלט איז גאָר נישט. דער וויין, די ליבע און דער גאנצער לעבען איז נישטיקייט און נארעשקייט. פארשטעהט זיך אז לויט רבי יונתן׳ס אויפקלערונג איז נישטאָ קיין אָרט פאַר דער קריטיק, וועלכע שטיצט זיך אויף דעם קאָנטראַסט פון דעם סטיל און אינהאַלט פון די דריי דערמאָנטע ספרים, אָבער עס איז קלאָר און פארשטענד־ליך פאר יעדען פארשטענדליכען מענטש, די סיבה צוליב וואָס די דריי ספרים זיינען נישט עהנליך איינער צום צווייטען מיט זייער סטיל און אינהאַלט. און די טראַדיציע איז אמת און ריכטיג.

## דער אונטערשייד פון ישעיה הנביא ביז ירמיה הנביא

מיר וועלען זיך אומקערען צו אונזער ענין צו דער קריטיק פון דעם גאון אברבנאל וועגען דעם

סטיל און די חוקי הלשון פון דעם נביא ירמיהו. ווי עס איז באוואוסט איז ירמיהו דער איינציגער פון די נביאים וועלכער ער האָט אויסגעטרונקען דעם ביטערען כוס, דאָס הייסט, ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט די צרות וועלכע זיינען געקומען אויף זיין פאָלק פאר זיינע אויגען. אלע נביאים פאר איהם האָבען נביאות געזאָגט אויף די קומענדיגע טעג, וואָס וועלען קומען נאָך זיי, למשל: דער נביא ישעיהו האָט געשטראָפט די מענ־טשען פון זיין דור און האָט זיי פאראויס געזאָגט: „ארצכם שממה, עריכם שרופות אש” (אייער לאַנד איז וויסט, אייערע שטעדט זענען פארברענט אין פייער), און דאָס גלייכען. דאָס האָט ער נביאות געזאָגט אויף שפעטער, אז עס וועט זיין אַ חורבן אין לאַנד, זיינע נביאות זענען אין זיין צייט נישט מקוים געוואָ־רען, מיט זיינע אויגען האָט ער דעם חורבן נישט גע־זעהן, אין זיין צייט האָבען נאָך געקיניגט די מלכים: עוזיהו, יותם, אחז און יחזקיה׳. מיר זענען נאָך דע־מאָלט געזעסען אויף אונזער ערד זיכער און רוהיג. די הימלען און די זון פון אויבען האָבען געקוקט אויף אונזער לאַנד און אויף אונזער ערד. אליץ האָבען מיר נאָך דאַן געהאָט: אונזערע מלכים, שרים, אונ־זער מיליטער, אונזערע אייגענע געריכטען און אונזער אייגענע שפראַך. ברויט האָבען מיר געגעסען פון אונזערע אייגענע פעלדער, וואסער האָבען מיר גע־טרונקען פון אונזערע ברונעמער און וויין פון אונזערע וויינגערטנער. אין אזעלכע לעבענס־באדינגונגען

האָט ישעיהו הנביא נביאות געזאָגט. זעלבסטפאַר-שטענדליך, אַז ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער נביא געקענט האָבען נאַציאָנאַלען שטאָלץ און מוטה צו רעדען אַ בלומען-שפּראַך, מיט הויכע מליצות, מיט אַן ערהאַבענעם פּאָעטישען גייסט, מיט א נביא-ישען סטיל, ווי עס רעדט אַ זוהן פון אַ גרויסען און שטאַר-קען פאָלק, גייסטיג און מאַטעריעל, און נאָר פון די ליפּען פון אַזאַ נביא האָט געקענט געהערט ווערען אַזאַ הויכע און ערהאַבענע פּאָעזיע: „אשירה נא לידידי שירת דודי לכרמו". אָבער דער נביא ירמיהו, דער אומגליקליכסטער פון אַלע נביאים, וועמענס שטאַר-קע ביטערע נביאות איז מקוים געוואָרען ביי זיין לעבען. פאַר זיינע אויגען איז דאָס אידישע פאָלק פאַרטריבען געוואָרען פון זיין לאַנד און פון זיין ערד. פאַר זיינע אויגען איז אויך דער בית המקדש חרוב געוואָרען. פון די טיעפענישען פון זיין נשמה שרייט ער אַרוים פאַר-ביטערט: „אני הגבר ראה עני בשבט עברתו" (איך בין דער מענש, וועלכער האָט געהאַט דעם אומגליק צו זעהן דעם גאַנצען פּיין מיט אַלע זיינע גרויזאַם-קייטען). דער נביא באַקלאָגט זיך, אַז מיט זיינע אויגען האָט ער געזעהן דעם בראָך פון זיין פאָלק, דאָס אַראָפּ-פאַלען פון דער העכסטער הויך ביז צו דער טיעפסטער טיעפעניש. די תקופה פון ירמיהו איז אַ לאַנגע קייט פון טרערען, טרויער, קלאָג און זיפצען. זעהר אָפט הערען מיר פון דעם נביא די ווערטער: „אהה!" „ספדו והילילו!" (וועה געשריען, קלאָגט און יאָמערט).

„עלי לבי דוי" (מיין הארץ ווייטאָגט). „מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי" — הלואי וואָלטען געווען מיין קאָפּ וואַסער און מיינע אויגען אַ קוואַל טרערען, וואָלט איך באַוויינט טאָג און נאַכט די געפאַלענע פון מיין פאָלק.

**ווען מיר באַטראַכטען** דאָס לעבען, וועלכען דער נביא ירמיהו האָט געלעבט, וואָס ער האָט געזעהן און וואָס ער האָט געפיהלט, — דאַן קען מען פאַרגלייכען די קריטיק פון די קריטיקער וועגען דער שפּראַך פון דעם נביא, וועלכע איז נישט אַזוי קלאָר און נישט לויט די רעגעלען פון דער העברעאישער שפּראַך, — צו דעם, וואָס מיר האָבען שוין נישט איינמאָל געזעהן, ווי אַ מוטער געהט נאָך דער לויה פון איהר איין און איינציגען זוהן, ר"ל, וועלכער איז אָפּגעשניטען געוואָרען אין זיינע יונגע יאָהרען. די מוטער געהט, וויינט און קלאָגט, קלאַפּט מיט איהרע הענד אויף איהר פּנים, רייסט די האָר פון איהר קאָפּ, און שרייט ביטערליך: מיין איינציג קינד, איך האָב געהאָפט, אַז דו וועסט מיך באַגלייטען צו מיין אייביגער רוה, וועסט זאָגען נאָך מיר קדיש און לערנען משניות פאַר דער דערהויבונג פון מיין נשמה, און צום סוף גאָר, באַגלייט איך, די אַלטע מוטער מיין יונג קינד צום קבר. די יללות שפּאַלטען די הימלען. צווישען די באַגלייטער פון דער לויה איז געווען אַ מענש, וועלכער איז געווען מוזיקאַליש, האָט ער זיך צוגעהערט,

דאָס די פרוי שרייט אומטאַקטיש, זי ציהט נישט די ריכטיגע גאַמען. די וואָס האָבען געהערט די קריטיק פון מוזיקער אויף דער פרוי, האָבען מיט פאַרדרוס אויפגעקלערט דעם קריטיקער מיט די ווערטער: דו נאַרישער מוזיקער, וואָס דענקסטו, דאָס די פרוי גיט אָפּ קאָנצערט, וואָס זי מוז היטען די נאָטען, אַז זי זאָל אַרויסגעבען איהר וועה-געשריי נאָכ׳ן טאַקט פון מו-זיקאַלישען געזעץ. זי איז דאָך אַ פאַרביטערטע האַרץ, אַ פרוי מיט אַ שווערען געמיט וועלכע קלאָגט אויף איהר איינציגען זוהן, וואָס פיהרט אים צום קבר. דאָס האַרץ וויים נאָר די ביטערקייט פון איהר נשמה, אָבער קלערט נישט אין אַזאַ צייט פון די רעגעלען פון דער מוזיק.

**עהנליך קען מען זאָגען** ביי אונזער פאַל. דער נביא ירמיהו, וועלכער זיין ספר נביאות איז דאָך פול מיט צרות און טרויער, ער איז דאָך דער איינציגער פון די נביאים, וועלכער איז געווען דער אומגליקליכער צו לעבען די שרעקליכע תקופה, צו זעהן מיט זיינע אויגען דעם ערשטען טריט פון זיין פאָלק רחמניות בשלו ילדיהן, מלכה ושריה בגוים אין תורה אין גלות, צו זעהן ווי: שרים בידם נתלו, ידי נשים — (אידישע פאַרשטעהער ווערען ביי זייערע הענט געהאַנגען, די הענט פון רחמנות׳דיגע פרויען קאָכען זייערע אייגענע קינדער, דער קעניג און די פאָרשטע-הער פאַרטריבען ביי די פעלקער, די תורה איז נישטאָ).

דער דאָזיגער נביא, ביי אַזעלכע איבערלעבונגען, ווען ער וויינט אויף דעם בראָך פון זיין פאָלק, באַנוגענט זיך נישט מיט סתם וויינען, מיט אַ טייך טרערען באַנוגענט ער זיך אויך ניט. ער שרייט אויס: „מי יתן ראשי מים, ועיני מקור דמעה, ואבכה יומם ולילה את חללי בת עמי". די געטליכקייט גיט איבער די נבואה אין אַ שטיק טרויער און געוויין. עס איז נישטאָ קיין שפּראַך, דקדוק, רעגעלען. דאָס איז אַ שטיק געוויין און טרויער. דאָס האַרץ ווייטאָגט, און קללות פון געוויין הערען זיך, און טרערען גיסען זיך, אָהן די רעגעלן פון דער שפּראַך, אָהן די געזעצען פון גראַמאַטיק. די גאַנצע נבואה פון ירמיהו הנביא איז אַ מגילה פון טרערען און יאָמערען. „קול ברמה נשמע, בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה" — (אַ שטימע אין דער הויך אין הימעל הערט זיך, אַ ביטערער געוויין, רחל וויינט אויף איהרע קינדער). די קלאָרקייט פון דער שפּראַך מיט די רעגעלען פון דעם לשון וועלען מיר הערען פון דעם נביא, ווען עס וועט פאַרווירקליכט ווערען זיין נבואה: „ויש תקוה לאחריתך, ושבו בנים לגבולם" (און עס איז דאָ אַ האָפנונג אויף אַ גוטער ענדע, און דיינע קינדער וועלען זיך אומקערען צו זייער לאַנד).

## צו זיין אַ לערער אין אונזער לאַנד

**דאָס לאַנד**, וואָס צוליעב איהר זיצען אונזערע אַלטע לייט, שוין באַלד ניינצעהן הונדערט יאָהר, אויף דער ערד און ריכטען אָפּ „חצות”, טהוען אַרויף אַש אויף זייערע קעפּ, דאָס לאַנד, וואָס אין אונזערע אַלע תפלות זענען מיר מתפלל פאַר איהר, ביי יעדער שמחה אונזערער, און ימים טובים דערמאָנען מיר איהר, פיעל טייכען טרערען האָבען שוין אונזערע אויגען אויף איהר פאַרגאָסען, דאָס לאַנד, וואָס אונזערע תנאים און אמוראים, אונזערע גאונים און אונזערע דיכטער, די הייליגע און די ריינע, וואָס קושענדיג איהר הייליגע ערד, האָבען זיי איבערגעגעבען זייער נשמה צו ג-ט, דאָס דאָזיגע לאַנד גיט מען אונז צוריק אָפּ, דאָס לאַנד פון אונזערע עלטערען, אונזערע נביאים, אונזערע מלכים און שרים, אונזערע כהנים און לוויים, וועט ווידער זיין אונזער׳ס מיט ג-ט׳ס הילף. שוין גענוג פאַר אונז צו זיין, וואָס מיר זענען געוועזען ביז יעצט. שוין גענוג צו לעבען אַ ציגיינער לעבען, שוין גענוג צו זיין אַ לעהרער, וועלכער דרעהט זיך ארום איבער דער גאַנצער וועלט, פון עק ביז עק, צו לערנען די פעלקער די געטליכע לעהרע, די לעהרע פון מענש און קולטור. גענוג שוין פאַר אונז צו ברעכען די פיס אונזערע צו געהן צו זיי.

פון היינט אָן און ווייטער, אויב זיי ווילען לערנען, זאָלען זיי קומען צו אונז, אין אונזער היים, און דאָרט וועלען מיר מיט זיי לערנען. דאָרטען וועלען זיי זיך צוהערען צו די למודים מיט דרך ארץ, אזוי ווי א שילער צו זיין לעהרער. דאָרטען וועלען מיר זיי לערנען צו זיין קולטורעלע מענשען, נישט צו שטרעבען צו בלוט און צו רויב, ווייל דער גלות איז נישט פעהיג אויף אזעלכע הויכע למודים.

**און דאָס**, וואָס אייניגע פון זיי דרשנ׳ען וועגען קולטור און וועגען אָפּשאַפען מלחמות פון דער וועלט, האָבען מיר זיך שוין לאנג איבערצייגט, אז דאָס וואָס זיי פרעדיגען מיט זייער מויל, איז פאַלש, און אַלץ וואָס זיי שרייבען וועגען דעם איז ליגענד.

**דוד המלך** עליו השלום האָט שוין לאנג געזאָגט אויף זיי: „אשר פיהם דבר שוא וימינם שקר״ (אַלץ וואָס זיי רעדען און טהוען איז פאַלש).

**איך** האָב געזעהן אין א ספר, וועלכער ערקלערט די רייד פון רבי אלעזר אין מסכת ברכות, דף ז׳, וועלכער זאָגט דאָרט: מאי דכתיב: „לכו חזו מפעלות ה׳ אשר שם שמות בארץ״ (געהט און זעהט ג־ט׳ס טעטיגקייט, וועלכער האָט געמאַכט פאַרוויסטונג אויף דער ערד), אל תקרי שַמות אלא שֵמות, זאָלסט נישט לייענען „שמות״ — פאַוויסטונג, נאָר

שמות — נעמען, דאָס האָבען מיר אַ כלל, אַז וואו מיר זאָגען „אל תקרי", דרשנ'ען מירביידע: דעם קרי און דעם כתיב (סיי דאָס געשריבענע און סיי דאָס גע־לייענטע). קענען מיר זאָגען, אַז די כוונה פון רבי אלעזר איז צו זאָגען, אַז ווען ג־ט וויל מאַכען פאַרוויס־טונג אויף דער ערד, איבערצוקערען די וועלט צו ווים־טעניש, און אָנצורייצען איין פאָלק אויפ'ן צווייטען, און די קולטור שטערט צו דעם. וואָס טוט ג־ט? שם שמות (מאַכט ער נעמען, פאַרבייט ער די נעמען פון די מער־דער, פון די וויסט־מאַכער. ער רופט זיי מיט נייע נעמען. צום ביישפיל, דעם מערדער פון מיליאָנען מענשען, אָנ־שטאָט איהם צו רופען „מערדער", „אויסוואורף", — רופט מען איהם מיט'ן נאָמען „העלד", און מען באַ־היינגט זיין ברוסט מיט עהרע צייכענס פאַר אויסציי־כענונגען, און מען זאָגט איהם, אַז ער האָט שוין גע־דרש'ענט. מען ווינשט איהם מיט דער ברכה: געה וויטער מיט דעם זעלבען כח דיינעם, דאָס הייסט: ווייטער מאָרדען, קוילען, ברענען און איבערקערען די וועלט.

**לפנים וועגען** מאַכט מען שלום־פאַרזאַמלונגען, מען טראָמייטערט און מען אַלאַרמירט, אַז די קולות הערען זיך פון איין עק וועלט צום צווייטען. אויף די פאַרזאַמלונגען האַלט מען רעפעראַטען וועגען איי־ביגען שלום, טויזענדער בויגענס פאַפיר ווערען פאַר־שריבען און די צייטונגען דרוקען עס אָפּ. מען פאַר־

עפענטליכע זיסע שלום אַרטיקלען, זיסער פון האָניג, און אין דער זעלבער צייט, וואָס מען האַלט די שלום־רעפעראַטען, גיבען איבער די דעלעגאַטען, וועלכע זיי־צען אַרום דעם שלום טיש צו די, וועלכע זיי האָבען זיי געשיקט, אַז מען דאַרף צוגרייטען וואָס מעהר האַרמאַ־טען, עראָפּלאַנען און נאָך אזעלכע כלי משחית. מען פאָלגט זיי און מען טהוט ווי זיי הייסען. מען שאַרפט די מעסער, און מען שלייפט די שפּיזען און די שווער־דען, מען נעהמט זיך צו מאָרדען אומשולדיגע ריינע נפשות. אַזוי זענען זיך נוהג די קולטור באַזיצער פון דעם לעצטען יאָהר הונדערט.

**דאָרט** אין אונזער לאַנד וועלען מיר נעמען דעם ספר איבער אַלע ספרים, מיר וועלען בלעטערען אין ספר ישעיהו הנביא, און מיר וועלען רעפערירען פאַר דער גאַנצער וועלט די רייד פון דעם נביא, וועל־כער האָט גערעדט צו דער גאַנצער וועלט נאָך מיט צוויי טויזענט יאָהר צוריק, ווען אַלע פעלקער זענען געווען דורשטיג צו בלוט, האָט זיך דער נביא אָנגע־גורט אַזוי ווי אַ העלד, נישט שרעקענדיג זיך פאַר קיי־נעם און רעפערירט אָפען פאַר דער גאַנצער וועלט זיין באַוואוסטען רעפעראַט: „והיה באחרית הימים, נכון יהיה הר בית ה׳ בראש ההרים ונשא מגבעות, ונהרו אליו כל הגוים, והלכו עמים רבים, ואמרו: לכו ונעלה אל הר ה׳, אל בית אלקי יעקב וגומר, וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות, ולא ישא גוי אל גוי חרב

ולא ילמדו עוד מלחמה" (און עס וועט זיין אין די שפע־טערע צייטען, וועט דער בארג פון ג־ט'ס הויז שטעהן פעסט אין דער שפּיץ פון אַלע בערג, און ער וועט זיין דערהויבען פון די העכסטע בערג, און צו איהם וועלען זיך ציהען אַלע פעלקער און עס וועלען געהן פיעל פעלקער און וועלען זאָגען: געהט, לאָמיר אַרויפגעהן צו ג־ט'ס באַרג, צו דער הויז פון יעקב'ס ג־ט... און זיי וועלען צושטייסען זייערע שווערדען צו מאַכען פון זיי אַקער־אייזען, און זייערע שפּיזען אויף מעסער, אַרומצושניידען צווייגען, און איין פאָלק אויפ'ן צווייטען וועט נישט אויפהויבען קיין שווערד און מען וועט נישט לערנען מלחמה). דער נביא זאָגט, אַז אַלע שלום רעפּעראַטען וועלען גאַרנישט העלפען, ווייל אַלץ וואָס מען רעדט און מען פאַרעפענטליכט פון די קאָנפערענצען איז דאָס נאָר צו פאַרבלענדען די אויגען, אָבער יעדער איינער אין זיין לאַנד גרייט זיך צו מלחמה נאָך מיט מעהר קראַפט.

## כל זמן דער שווערד איז אין האַנד וועט קיין שלום אויף דער וועלט נישט זיין

**אויב מען וויל** דעם אמת'ן שלום דאַרף מען זיך באַנוצען מיט די מיטלען פון דעם נביא, נעמליך: צו צוברעכען די שווערדען און די שפּיזען אז

אלע כלי משחית זאָלען אויסגעראָטען ווערען פון דער וועלט, דען כל זמן עס געפינט זיך נאָך א שווערד אדער אַ שפּיז אויף דער וועלט איז דער לעבען פון די מענשען נישט זיכער. כל זמן דאָס אייזען מאַטעריאל, די גוטע מתנה וואָס ג־ט האָט געשענקט דער וועלט זיך צו באַנוצען מיט דעם צו גונסטען פון דער וועלט: צו אַקערען, צום זייהען, צום שניידען אום צו בויען, איז אנשטאט זיך צו באנוצען מיט דעם פאר'ן אויפבוי פון דער וועלט און פאַר זיין אויסבעסערונג, באנוצען זיך מיט דעם די מערדער חרב צו מאַכען די וועלט, צו פארוואנדלען אליץ צו תהו ובהו, אָפּצומעקען די גאַנצע עקזיסטענץ, כל זמן דער צושטאַנד וועט הערשען אויף דער וועלט, זיינען מיר נישט ווערט גערופען צו ווערען מיט דעם נאָמען מענש — דער אויסדערוועהלטער פון אַלע באשעפענישען, די אויפגאבע צו פארווירקליכען דעם נביא'ס רייד ליגט אויף אונז דעם אידישען פאָלק, דער טרעגער פון דעם פאָהן וואָס אויף איהם איז אָנגעשריבען: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי" (נישט מיט קראַפט און נישט מיט כח נאָר מיט'ן גייסט). די לעהרע פון גייסט איז אונזערע און נישט קיינעמס. די וועלכע זיינען געבענשט געוואָרען מיט דער ברכה „על חרבך תחיה" זיינען נישט אימשטאַנד צו פארווירקליכען דעם געדאנק פון „וכתתו חרבותם" ווייל ביז היינטיגען טאָג איז דער שווערד און דער שפּיז געוועזען זייער נשמה און דער מאָרד און דער רויב איז געוועזען דער ציעל פון זייער לעבען און ווי אזוי קאָנען די דאָזיגע מענטשען

פרעדיגען אזא קולטור וועלכע פאָדערט צו צוברעכען זייער נשמה, זיי פיהלען מיט זייער גאַנצען וועזען אז אָהן דעם שווערד און שפּיז האָבען זיי קיין ווערדע ניט, אָהן רציחה זיינען זיי גאָרנישט. דער פאָרטראַג פון די 14 פונקטען, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך די פריי־דענס דעלעגאַטען איז גענוג פאר אונז אום צו זעהן די כונה פון איניגע פון זיי. דערמיט וועלען מיר ערקלערען א מאמר אין גמרא בבא בתרא, דף ע"ג, וועלכער איז אין פלוג נישט פאַרשטענדליך פאר אונז. ווען נישט דאָס היינטיגע לעבען, וואָלטען מיר זיך נישט געקענט דערגרונטעווען צו זיין ריכטיגע כונה. דאָס לעבען, וועלכעס מיר לעבען היינט איז ווי א שליסעל צו דעם פאַרשלאָסענעם מאמר אום צו פאַרשטעהן אז עס זיינען אין איהם פארבאהאלטען ענינים וועגען וועלכע זיי האָבען נישט געקאָנט ריידען אָפען, צוליב פאַרשיידענע טעמים, צוליב דעם פאָליטישען רעזשים וואָס האָט דאַמאָלס געהערשט.

**דאָרטען ווערט געבראַכט** „ואמר רבה ברבר חנה זימנא חדא הוה אזלינא בספינתא חזאי ההיא צפרתא דהוה קאי עד קרסוליה במיא ורישיה ברקיעא ואמרינן לית מיא ובעינן למיחות לאקורי נפשין נפק ברת קלא ואמר לן לא תחיתו להכא דנפלה לי חצינא לבר נגרא הכא הא שבע שנין ולא מטיא לארעא". (רבה בר בר חנה האָט געזאָגט: איינמאָל זיי־נען מיר געפאָהרען אויף א שיף האָבען מיר געזעהן א

פויגעל איז געשטאַנען ביז צו די קנעכעל אין וואַסער און זיין קאָפּ דערגרייכט ביז דעם הימעל, האָבען מיר געמיינט אז אויף דעם אָרט איז קיין סך וואַסער נישטאָ און מיר האָבען געוואָלט אַראָפּגעהן זיך אויסבאָדען אום זיך אָפּצוקיהלען, איז ארוים א בת קול און האָט אונז געזאָגט: געהט נישט אַראָפּ אַהער ווייל דאָ איז אַמאָל אריינגעפאַלען אַ האַק מיט זיבען יאָהר צוריק און נאָך אליץ דעם גרונד ניט דערגרייכט). [מען קען דאָס אפילו דערקלערען אויף דעם פּשוט׳ען אופן: אז דאָס איז גע־ווען אזא אָרט אין ים וועלכען מען רופט עס „שטרודלען מער ווירבלען" די גאנצע מיה פון די פאַרשער און גע־לעהרטע רייזענדע אויסצומעסטען די טיפקייט פון דעם וואַסער וועלכער איז ארום סיציליען — איז געווען אומזיסט, דעם זענקבליי וועלכען זיי האָבען אַראָפּגע־לאָזט, האָט נישט דערגרייכט ביז צום גרונד, ווייל דער שטאַרקער און שנעלער שטראָם וועלכער שטראָמט מיט שטורם און גערויש האָט אויף געהויבען די בליי און איהם נישט געלאָזט אַראָפּזינקען. דאָס האָט בע־טאָנט רבה בר בר חנה זאָגענדיג: „לא משום דנפישי מיא אלא משום דרדיפי מיא", נישט ווייל עס איז געווען א סאַך וואַסער, נאָר ווייל די וואַסער האָט געשטראָמט שנעל]. די אגדה, ווער עס האָט נאָר פארשטענדעניש קען פארשטעהן, אז די ווערטער זיינען נישט אזוי אייג־פאַך ווי זיי זיינען געשריבען, דען ערשטענס: פארוואָס האָט ער געוואָלט אַראָפּגעהן זיך אויסבאָדען? וועלען מיר אפשר זאָגען, ווייל ער האָט א טעות געהאַט,

מיינענדיג אז די וואסער איז נישט אזוי טיף אזוי ווי עס ברענגט זיך אין מאמר. ער האט געמיינט אז עס איז ווייניג וואסער ווייל דער פויגעל האט נאר געגרייכט ביז די קנעכעל, איז דאך אבער די פראגע ווי אזוי האט ער געקענט אזא טעות האבען. ער האט דאך געזעהן אז דעם פויגעל'ס קאפ דערגרייכט אין הימעל, האט ער דאך געקענט פארשטעהן אז געוויס זיינען די קנעכלען פון דעם פויגעל געגוג גרויס און לאנג לויט דעם ערך פון זיין גרויסען קערפער. אויב אזוי, איז דאך דער וואסער זעהר טיעף, טא ווי האט ער געוואלט דארט אראפגעהן זיך אויסבאדען, און צווייטענס, וואס מיינט מען דאס מיט די זיבען יאהרען. אבער מען דארף נישט פרעגען קיין סך פראגען. יעדער איינער זעהט, אז דער מאמר איז נישט אזוי פשוט. וועגען די אגדות חז"ל האבען שוין לאנג די ראשונים גערעדט אז אין זיי איז פארוויקעלט הויכע, טיפע און ערהאבענע ענינים, די חכמים וועלכע מיר אנערקענען זיי ביי דעם טייל פון דער הלכה און וויסענשאפט וועלכע האבען דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע, העכער פון דעם מענשליכען שכל — איז נישט מעגליך, אז די דאזיגע חכמים זאלען ריידען אין דעם טייל פון דער אגדה וועגען זאכען, וועלכע זיינען נישט געשטויגען און געפלויגען, לויט דעם איינפאכען בליק. דער רמב"ן זצוק"ל אין זיין ספר מאמר השכל דף ט"ז שרייבט: „ווער עס גלויבט אז די אגדות פון ש"ס זיינען איינפאך אין דעם זין ווי זיי זיינען געשריבען, איז ער א פאלקאמער נאר און פאר-

שטאָפּטער שכל״. און דעריבער נעם איז זיך די ערלוי־
בעניש מיט מיין אָרעמען פערשטאַנד צו זאָגען מיין
השערה וועגען דעם מאמר וועלכען איך האָב דערמאַנט.

**איך האָב שוין** אויפגעוויזען אין דעם דאָזיגען ספר
מיינעם, אז רבה בר בר חנה געהערט צו
דעם טייל חכמים, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט די
געהיימניסען פון דער פּאָליטיק. מיר קענען זיך משער
זיין אז אויך דער דאָזיגער מאמר זיינער געהער צו
אזעלכע ענינים. דען אין מליצה שפּראַך, ווען מען וויל
שילדערען א קריג, א מחלוקה אויף דער וועלט, רופט
מען דאן אָן די וועלט מיט דעם נאָמען ים. אמאָל גיט
מען נאָך צו די ווערטער: ברויזענדער אדער שטורמי־
שער ים, און די מענטשען וועלכע נעמען אן אנטייל אין
דעם קאַמף רופט מען זיי אָן מיט דעם נאָמען גרויסע
ים פיש. אזא מין מליצה ווערט דערמאַנט (חבקוק א׳)
„ותעשה אדם כדגי הים״ (האָסט געמאכט דעם מענשען
ווי די פיש אין דעם ים). די בעדייטונג דערפון איז: אז
איין מענש דעם צווייטען שלינגט איין אזוי ווי די פיש
אין ים שלינגען איינער דעם צווייטען. ווען מענשען
לאָזען זיך אויף דער רייזע מיט׳ן ים האָבען זיי נישט
קיין אנדער מעגליכקייט די רייזע צו מאכען נאָר מיט
א שיף. רבה בר בר חנה שילדערט די צייט פון א וועלט
מלחמה, ווי ער מיט א געזעלשאפט זיינען געפאָהרען
אויף א שיף, וואַנדערען פון אָרט צו אָרט צווישען די
שטורמישע וועלען פון ים, אָהן אָפּרוה, און פּלוצלינג

האָט זיי זיך באוויזען א פונק פון האָפענונג, זיי האָבען געזעהן א פויגעל. א פויגעל איז ווי באוואוסט דער סימ־באָל פון אַ אַנזאָגער, אַזוי ווי מיר געפינען ביי נח׳ן: „ותבא אליו היונה לעת ערב והנה עלה זית טרף בפיה וידע נח כי קלו המים מעל הארץ״ (די טויב איז געקו־מען צו איהם אווענט־צייט און א בלאַט פון אליוועץ בוים ביי איהר אין מויל האָט נח פון דעם זיך ערקונ־דיגט דאָס די וואַסער איז שוין אָפּגעפּאַלען). אויך געפינען מיר אין מסכת גיטין דף מ״ה, די טויב האָט אָנגעזאָגט „עיליש ברח״ „עיליש ברח״ (עיליש אַנט־לויף, עיליש אנטלויף).

רבה בר בר חנה שילדערט: אז עס איז געקומען דער אָנזנגער פון שלום אויף דער וועלט, און אז דער ברויזענדער און שטורמישער ים איז פארוואנדעלט געוואָרען אין א רוהיגעס וואסער אזוי רוהיג אז מען קען זיך אין איהם באָדען און זיך אָפּקיהלען, די וועלט איז ממש אין א גן עדן פערוואנ־דעלט געוואָרען. אָבער אין אמת׳ן איז די זאך נישט אזוי מיט אלע איינצעלהייטען. דער פויגעל אליין צו שטעהן אין וואסער ביז די קנעכעל, אָבער דער קאָפּ זיינער איז אין הימעל הויכע רעיונות, אין זיין קאָפּ ממש הימלישע געדאנקען, דער קריזיס האָט געבראכט די פיערצעהן פונקטען פון שלום אויף דער וועלט אין איין האַנט דער אונטערגעשריבענער שלום פּאַפּיר, און מיט דער צווייטער האַנט שטעלט מען צו פאר אלע

קעמפענדע צדדים אלערליי מלחמה מכשירים. אויבער־פלעכליך האָט זיך אויסגעוויזען אז עס איז שוין קיין וואַסער נישטאָ, און מען קען שוין אראָפּגעהן פון דער שיף אביסעל זיך אָפּקיהלען. מיר האָבען גערעכענט, אז די מלחמה האָט שוין אויפגעהערט, די וועלט האָט שוין אויפגעהערט צו זיין א שטורעמדיגער ים. עס האָבען שוין אויפגעהערט צו שלינגען איינער דעם צווייטען און דאָס לעבען האָט זיך שוין אומגעקערט צו זיין נאָרמאַלען צושטאַנד. מיר האָבען געמיינט אז דער אמת׳ער שלום איז געקומען. אָבער נישט ווי מיר האָבען געטראכט אזוי איז געווען. „עס איז ארוים א בת קול און האָט געזאָגט איהר זאָלט נישט אראָפּגעהן אהער ווייל עס איז אראָפּגעפאַלען דאָ א האַק שוין פון זיבען יאָהר און נאָך נישט דערגרייכט דעם גרונט, נישט ווייל עס איז דאָ פיעל וואַסער, נאָר ווייל דער שטראָם פון דעם וואסער איז זייער שטאַרק״.

**דער צאָהל זיבען** איז דער סימבאָל פון איבערטרייבונג, אזוי ווי מיר געפינען פיעל מאָל אז מען וויל זאָגען דעם געדאַנק פיעל מאָל שרייבט מען די צאָל זיבען. צום ביישפּיעל: דער פסוק „כי שבע יפול צדיק וקם״ (אז זיבען פאַלט דער צדיק און ער שטעלט זיך אויף). דאָס מיינט נישט דווקא צאהל זיבען, נאר עס מיינט אז פיעל מאָל דער צדיק פאַלט און דער רבונו של עולם העלפט איהם. אויך רבה בר בר חנה בעטאָנט זיבען יאָהר פאַלט די האַק, אָט דער כלי משחית וועלכער

האָט שוין טויזענטער און צענדליגער טויזענטער קעפּ אראָפּגעהאַקט. אָט די האַק האַלט נאָך אין פאַלען. זי האָט נאָך אלץ נישט דערגרייכט דעם גרונט. די כלי משחית געפינט זיך נאָך אלץ אויף דעם שטורמישען ים אויף דער וועלט. זי איז נאָך נישט אראָפּ געפאַלען די האַק ארבייט נאָך, די מנוחה האָט זיך נאָך נישט צוריקגעקערט צו דער וועלט. די האַק שוועבט נאָך איבער די מענטשענס קעפּ. רבה בר בר חנה וואָרענט, נישט צו פערלאָזען זיך און נישט צו ערווארטען קיין ישועות און נחמות פון דער פריעדענס קאָנפערענץ, זיי זיצען ארום דעם פריעדען טיש, אָבער זייער שטרעבונג איז צו באקומען די געפערליכסטע כלי משחית וואָס מיט איין פליה זאָל מען קענען חרוב מאכען א וועלט, פערוואַנדלען די וועלט אין א איבערקערעניש פון סדום ועמורה.

## מיר, דאָס אידישע פאָלק, די קינדער פון די נביאים — אונזער שטרעבונג דארף זיין צו באקומען

א רעטונגס אָרט, א געזיכערטע היים אין אונזער לאַנד און דאָרטען וועלען מיר ענטדעקען פאר דער גאנצער וועלט עפענטליך, א נייע ערפינדונג וועלכע איז איי־גענטליך גאָר אַלט, די דאָזיגע ערפינדונג קענען מיר אין גלות נישט פארווירקליכען, נאָר אין אונזער אייגע־נעם לאַנד, און דער טרוים איז א פשוט׳ער: אין גלות האָבען מיר מורא צו פארעפענטליכען די דאָזיגע ער־פינדונג, ווייל עס דראָהט אונז א געפאָר פון די תלמי־

דים, וועלכע זיי זיינען נישט אינערליך אזוי ווי אויסער־ליך, אזוי זאָלען נישט אַמאָל דעם לעהרער מיט קלעפּ אָפּצאָהלען, דען נישט איין מאָל האָבען מיר שוין גע־פּרובירט אין גלות צו זיין א לעהרער און ראַטגעבער פאר די פעלקער אין מאָראַלישע און פּאָליטישע ענינים און נישט איין מאָל האָבען מיר שוין געדעטעט לענדער פון קריזיסען, אָבער די באַצאָהלונג, וואָס מיר האָבען דערפאַר באַקומען, האָט אונז איבערצייגט, אז עס לוינט נישט צו זיין א לעהרער פון אזעלכע תלמידים. דעריבער דאַרפען מיר שטרעבען מיט דער אָנשטרענ־גונג פון אלע אונזערע כחות אומצוקערען זיך צו אונזער לאנד און דאָרטען וועלען מיר אויפבויען די וועלט קאַטעדרא וואָס פון דאָרטען וועלען מיר פארטראָגען די לעקציעס וואָס מיר האָבען געלערענט פון אונזערע נביאים און וועלכע מיר האָבען זייענדיג אין גלות ניט געקענט זיי פאַרטראָגען.

**עס איז גלייכער** פאר אונז אז אין גלות זאָלען מיר ארויפטאָהן א שלאָס אויף אונזער מויל, און דעם לעצטען וואָרט פון קולטור וועלען מיר זאָגען דאָרט אויף ג־ט׳ס באַרג אין דעם הויז פון יעקב׳ס ג־ט. פון דאָרטען וועלען מיר לאָזען הערען ג־ט שטימע וועלכע ברעכט צעדער, צו צוברעכען די שווערדען און די פארדערבליכע אינסטרומענטען אום צו מאַכען פון זיי אַקעראייזענס און שנייד - מעסערס, אז אין די ערטער וואָס מען האָט געלערענט די מלחמה קונסט,

זאָל מען לערנען חכמה און וויסענשאַפט, מדות און דרך ארץ, אלע קרעפטען און אלע ערפינדונגען וועלען זיין נאָר פאר׳ן נוץ פון דער מענשהייט. עס וועט ווערען ארויסגעלאָזען א אויפרוף, אז יעדער וואָס וועט ערפינדען א פארדערבליכען אינסטרומענט צום מאָרדען מענטשען, אדער ער וועט ערפינדען גאַזען צו פאַרפעסטען די לופט, זאָל נישט גערופען ווערען מיט דעם נאָמען חכם און ערפינדער, נאָר אויסוואורף, רויבער און מערדער. אנשטאט צו באעהרען דעם דאָזיגען ערפינדער, איז אַרויסצוגעבען אויף איהם א טויט אורטייל, און זאָל קיינעם נישט ארויף אויף דעם געדאַנק צו מיינען אז דאָס וואָס מיר זיינען געגען מלחמות און בלוט פארגיסונגען איז דערפאַר ווייל מיר זיינען פחדנים, אָבער נישט פון אינערליכע מאָראַלישע איבערצייגונג. אויף דעם זיינען מיר גרייט אויפצואווייזען מיט ריכטיגע ביישפילען פון אונזער געשיכטע, אז פחדנים און שרעקענדיגע האָבען מיר געפונען דווקא צווישען די וועלכע זיינען געוועזן די אָנרייצער צו דער מלחמה, די וועלכע האָבען אָנגעצונדען דעם פייער אויף דער וועלט, און פאַרקערט, דווקא צווישען די גייסטיגע העלדען וועלכע זיינען פיינד פון בלוט-פאַרגיסונג, דווקא צווישען די באשיידענע שטילע פון אונזער נאַציאָן, די וועלכע האָבען נישט ליב אומעטום זיך באווייזען — האָבען מיר געפונען העלדען דרייסטע, מוטיגע באשיצער פון דעם כבוד פון פאָלק, אָבוואָהל עס איז זיי

פאַרגעשטאַנען צו באַצאָהלען מיט זייער לעבען פאַר דעם.

## העלדען עהרע און לעבענס ליידענשאַפט

**לאָמיר מאַכען דעם** גרויסען אונטערשייד צווישען איינעם פון אונזערע קעניגען און צווישען איינעם פון זייערע קעניגען. לאָמיר נעמען אלס ביי־שפּיל אונזער ערשטען קעניג שאול און זייער קייזער, א קייזער פון א גרויסען לאנד, און זיי אוועקשטעלען איינעם אנטקעגען צווייטען. פון דער ערצעהלונג אין תנ"ך איז שאול המלך באקאנט אלס אַדעלמאַן, בעשיי־דען, מיידט אוים די עפענטליכקייט, בארמהערציג פון נאַטור, אָהן א גרענעץ, אויף אזוי פיעל, אז ער איז געווען בארמהערציג אפילו צו דעם מענטש וואָס דער נביא האָט איהם אָנגעזאָגט אין נאָמען פון ג־ט קיין מיטלייד נישט צו האָבען מיט איהם, דאָס הייסט, וואָס ער האָט מיטלייד געהאַט מיט אגג מלך עמלק און דאָס איז געווען די סיבה פון אונטערגאַנג פון זיין מלוכה. די חז"ל האָבען געשילדערט די אייגענשאַפט פון שאול המלך, אז ער איז געווען ריין פון זינד ווי א איין יאָהריגעם קינד. עס ווערט געבראכט אין מסכת יומא דף כ"ב: „אמר רב הונא „בן שנה שאול במלכו", כבן שנה שלא טעם טעם חטא". רב הונא האָט געזאָגט

דאָס, וואָס עס שטעהט אין פסוק: „בן שנה שאול במלכו", וואָס דער פשט פון דעם איז: א יאָהר ווי ער האָט שוין געקיניגט, נור לויט דעם אויסדרוק פון פסוק „בן שנה", דרשנ'ען די חז"ל, אז דער פסוק האָט נאָך א כונה: דאָס ער איז געוועזן ריין פון זינד ווי א קינד פון א יאָהר.

**זייער קייזער** וועלכען מיר האָבען דערמאָנט, האָט געלעבט אין די לעצטע צייטען. ער איז געוועזן דער לעבעדיגער גייסט אין דעם ראָד וואָס אויף איהם האָט זיך געדרייט די וועלט מלחמה. די צייטונ־גען האָבען באַקאַנט געמאַכט, אז איינמאָל האָט ער ארויסגעצויגען זיין שווערד פון שייד און האָט גע־שוואוירען אז ער וועט שניידען אויף רעכטס און אויף לינקס, און ער האָט דאָס מקיים געוועזן. האָט נישט געהאַט קיין מיטלייד מיט קיין אַלטע און קיין יונגע. די ענדע פון די ביידע מלכים איז געוועזן א ביטערע. נאָר דערמיט האָבען זיי זיך אונטערשיידט: זייער העלד דער טיראַן, דער אכזר האָט באַוויזען גבורות אויף דעם רעכענונג פון די מענטשען פון זיין לאַנד, אָבער וואָס אנבעלאַנגט איהם אליין האָט ער זיך ארויסגעוויזען אלס נידעריגער נפש, שוואַך און קראַפטלאָז, פארשלאָ־סען אין זיינע דעפּאַרטעמענטען, אזוי ווי א מויז אין א שטייג, בשעת ער איז געשטאַנען פאר'ן וועלט טרי־בונאַל וואו מען האָט איהם גע'משפט פאר זיינע גרוי־זאַמע און נידערטרעכטיגע טהאַטען אין דער מלחמה,

האָט ער געבעטען ביי דער וועלט באגנעדיגונג, מען זאָל איהם שענקען דאָס לעבען, און ווי ער, אזוי אויך זיינע שרים און משרתים, ווי צום ביישפיל דער פעלד-מאַרשאַל, דער העלד, מיט דעם נאָמען ה.... וועלכער, ווען ער האָט געפיהרט שלום אונטערהאַנדלונגען אין נאָמען פון זיין מדינה, מיט א צווייטער מדינה, האָט ער ארויסגעצויגען זיין שווערד און האָט איהר אוועקגע-לייגט אויף דעם טיש ארום וועלכען עס זיינען געזעסען די שלום דעלעגאַטען. דערמיט איז ער אויסען געווען צו ווייזען די בלאַנקענדע שווערד פון זיין לאַנד, און ביי דער ענדע פון דער מלחמה, ווען זיין לאנד איז גע-וואָרען צו שאַנד און געמוזט צוריקטרעטען, האָט גע-טראָפען, אז ווען דער אויבענדערמאָנטער פעלדמאַר-שאַל, ווען ער איז געזעסען אין דער געזעלשאפט פון די דעלעגאַטען און האָט פאר זיי פארגעלייגט די שלום באדינגונגען, האָט ער געטרונקען אזוי פיעל אויף דעם באַנקעט, וואָס מען האָט געמאַכט פאר זיין כבוד, ביז ער איז דאָרט געשטאָרבען מיט א שענדליכען טויט פון שכרות.

**איצטער וועלען מיר** פאָרשטעלען די לעצטע מינו-טען פון אונזער קעניג, וועלכען מיר האָבען דערמאָנט, וועלכער האָט געלעבט מיט דריי טויזענד יאָהר צוריק. צווישען אלע מדות זיינע וועלכע מיר האָבען דערמאנט געפינט זיך אויך די מדה פון רחמנות. אז ער איז געווען אן אויסנאַהם באַרמהערציגער. ווען

אָבער עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איהם אליין, איז ער געווען פאַרהאַרטעט און פאַרשטיינערט, אזוי ווי א מאַרמאָר זייל, געגען זיך אליין איז ער געווען גרויזאַם און האַרטהערציג, אזוי ווי עס איז געשריבען: „ותכבד המלחמה אל שאול וימצאהו המורים אנשים בקשת ויחל מאד מהמורים ויאמר שאול לנשא כליו שלף חרבך ודקרני בה פן יבואו הערלים האלה ודקרני והתעללו בי ולא אבה נשא כליו כי ירא מאד ויקח את החרב ויפל עליה וירא נשא כליו כי מת שאול ויפל גם הוא על חרבו וימת" (ווען די מלחמה האָט זיך געשטאַרקט אויף שאול'ן און עס האָבען איהם דערגרייכט די בויגען שיסער פון דעם פיינד האָט ער זיך זייער געשראָקען פאר זיי, דאַן האָט ער געזאָגט צו זיין משרת (געהילף) דאָס ער זאָל איהם דערשטעכען מיט זיין שווערד אום די פלשתים זאָלען מיר נישט דערשטעכען און אָפּשפּעטען פון מיר, אָבער דער משרת האָט נישט געוואָלט, ער האָט זייער מורא געהאַט. דאַן האָט שאול גענומען זיין שווערד און ער איז ארויף געפאַלען אויף איהר. דער משרת האָט געזעהן דאָס שאול איז טויט, איז ער אויך ארויף געפאַלען אויף זיין שווערד און ער איז אויך געשטאָרבען מיט שאול'ן). דאָס איז די אייגענשאַפט פון אונזער קעניג און זיין משרת. דער פון זעהען מיר דעם אונטערשייד פון אונזערע העלדען ביז זייערע העלדען. דאַכט זיך אז יעדער, ווער עס האָט נאָר א ידיעה אין דער אידישער היסטאָריע, וועט נישט וואַגען צו זאָגען אז מיר זיינען

פחדנים, און דאָס וואָס מיר ווילען לערנען די פעלקער אויף ג־ט׳ס באַרג, וועגען דעם אייביגען שלום, איז דאָס נישט צוליב פחדנות, נור צוליב אינערליכע אנערקע־נונג. פון אונזער קאַטעדרע ווילען מיר לאָזען הערען פאר דער גאַנצער וועלט מיט שטאָלץ, אז: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי" (נישט מיט קראַפט נאר מיט דעם גייסט).

## די לעצטע מינוטען אין מענשענס לעבען

**מסכת ברכות** דף כ"ח ווערט דערצעהלט: „וכשחלה רבי יוחנן בן זכאי נכנסו תלמידיו לבקרו כיון שראה אותם התחיל לבכות; אמרו לו תלמידיו נר ישראל, עמוד הימיני, פטיש החזק, מפני מה אתה בוכה? אמר להם, אילו לפני מלך בשר ודם היו מוליכים אותי שהיום כאן ומחר בקבר שאם כועס עלי אין כעסו כעס עולם, ואם אוסרני אין איסורו איסור עולם, ואם ממיתני אין מיתתו מיתת עולם, ואני יכול לפייסו בדברים ולשחדו בממון, אף על פי כן הייתי בוכה. ועכשיו שמוליכים אותי לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא שהוא חיי וקים לעד ולעולמי עולמים שאם כועס עלי כעסו כעס עולם, ואם אוסרני איסורו איסור עולם, ואם ממיתני מיתתו מיתת עולם, ואיני יכול לפייסו בדברים ולא לשחדו בממון, ולא עוד אלא שיש לפני שני דרכים: אחת של גן עדן ואחת של גיהנום ואיני יודע באיזו מוליכים אותי ולא אבכה? אמרו לו רבנו ברכנו וכו'". ווען רבי יוחנן בן זכאי איז קראנק געוואָרען זיינען אריין געגאַנגען צו איהם זיינע תלמידים איהם מבקר חולה זיין, ווי ער האָט זיי דער-זעהן האָט ער אָנגעהויבען וויינען. האָבען זיינע תלמי-דים צו איהם געזאָגט: דאָס ליכט פון ישראל, רעכטער

זייל, שטאַרקער האַמער, צוליב וואָס וויינסטו? האָט ער זיי געענטפערט: ווען מען וואָלט מיך געפיהרט צו א שטערבליכען קעניג, וואָס היינט איז ער דאָ און מאָרגען אין קבר, וואָס ווען ער זאָל אויף מיר אין כעס ווערען, איז זיין כעס נישט קיין אייביגער, און ווען ער וואָלט מיר אין תפיסה געזעצט, וואָלט דאָך דאָס נישט געווען אויף אייביג, און ווען ער וואָלט מיך געטויט, וואָלט דאָס נישט געווען קיין אייביגער טויט, און איך וואָלט איהם געקענט איבערבעטען מיט רייד און איך וואָלט איהם געקענט אונטערקויפען מיט געלד און דאָך וואָלט איך געוויינט. און איצטער, ווען מען פיהרט מיך צום מלך מלכי המלכים (צום קעניג איבער אלע קעניגען) לעבט אייביג, וואָס ווען ער ווערט אין כעס אויף מיר איז דאָס אן אייביגער כעס, און אויב ער וועט מיר ארעסטירען אין תפיסה, איז דאָס אויף אייביג, און אז ער וועט מיר טויטען, וועט דאָס זיין א אייביגער טויט, און איך קען איהם נישט איבער בעטען מיט רייד און נישט אונטערקויפען מיט געלד. און נישט דאָס אליין, נאָר ס'איז דאָ פאר מיר צוויי וועגען: איינע פון גן עדן און איינע פון גיהנם, און איך וויים נישט אין וועלכען וועג מען וועט מיך פיהרען, זאָל איך נישט וויינען? האָבען זיי צו איהם געזאָגט: רבי אונזערער בענטש אונז א. א. וו.

**בשעת זיין פטירה** האָט ער צו זיי געזאָגט: „פנו כלים מפני הטומאה והכינו כסא לחזקיהו

מלך יהודה שבא״ (נעמט ארוים די כלים צוליב טומאה און גרייט צו א שטול פאר חזקיהו מלך יהודה וועלכער איז געקומען). דער גרעסטער טייל פון דעם דאָזיגען ספור איז פארשטענדליך לויט זיין איינפאַכקייט, דען דאָס איז דער שטייגער פון דער וועלט צו נעמען א שיידונגס ברכה פון א גרויסען מענטש בשעת ער גייט ארוים אין וועג און בפרט געהאָרכזאַמע תלמידים פון זייער באליבטען רבי, וועלכער מאַכט א ווייטע רייזע. ווער פון אונזערע ברידער איינוואוינער פון די פאראייניגטע שטאַטען, וועלכע זיינען געקומען פון אייראָפּא, האָט נישט פארזוכט דעם טעם פון זיך שיידען מיט זייער אָרט, מיט זייער לאַנד, מיט זייער שטאדט, מיט זייער פאמיליע און מיט זייער הויזגעזינד. יעדער איינער געדענקט נאָך די לעצטע וואָך פאר זייער אָפּרייזען ווען ער האָט באַקומען די שיפּס־קאַרטע צוזאַמען מיט א בריעף פון דער שיף געזעלשאפט, וואָס מען האָט איהם געשריבען דעם באַשטימטען טאָג ווען די שיף וועט אָפּגעהן פון האַפען און צו זיין גרייט צום וועג, ווי פון א פּלוצלונגען דונער איז ער דעמאָלט צוטומעלט געוואָרען, אבוואָהל די רייזע איז שוין פון לאנג געווען בעשלאָסען, אָבער עס איז איהם שווער געווען זיך צוצוגעוואוינען צו דעם געדאַנק אז ער דארף זיך שיידען מיט זיין וויג, מיט זיין שטאדט, אין וועלכער ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט אלע אידען ווי איין משפחה און וואו יעדער איינער האָט געוואוסט די סודות פון צווייטען, צוזאַמען געלאכט און צוזאַמען געוויינט.

דעם לעצטען שבת פאר זיין אָפּפאָהר איז געווען איין אויסערגעוועהנליכער שבת, יעדער איינער געדענקט ווי ער איז געזעסען שטיל ביים טיש, די אויגען האָבען גערעדט אָבער נישט די מויל. די הערצער האָבען גע־ציטערט, די נשמות זיינען אויסגעגאַנגען, דער יונגער מאַן צו זיין טייערע פרוי, דער פאָטער צו זיינע קליינע פייגעלאך, ער האָט זיך קיין ארט נישט געקענט גע־פינען. איין אויג געווענדעט צו זיין ליבע פרוי און איין אויג צו זיין קליין קינד וועלכע ליגט אין וויגעלע מיט אָפענע אויגען און קיין שלאָף נעמט איהם נישט, ווי אויך ער וואָלט עפעס געפיהלט. יעדער איינער גע־דענקט ווי ער האָט זיך ארומגעדרייט יענעם שבת פון אָרט צו אָרט כדי אָנצוזעטיגען זיינע אויגען כדי דער אויסזעהן פון די אלע ערטער זאָל בלייבען איינגע־קריצט אין זיין מוח, ווען עס איז אָנגעקומען דער באַ־שטימטער טאָג צום פאָהרען, און ער איז געזעסען אין וואגען וועלכער איז געווען באדעקט פון אויבען מיט א פלאַכטע צו שיצען פון רעגען, און דער פורמאַן האָט געזאָגט צו די באגלייטער: „געהט אוועק פון פוהר, מען דארף שוין פאָהרען". דאן איז דאָס הארץ ארויס־געשפרונגען פון זיין אָרט און א שטראָם טרערען האָט זיך ארויסגעריסען פון די רייזענדע און בעגלייטערס אויגען. דער פורמאַן האָט אויפגעהויבען דעם בייטש אויף זיין פערד צוצואיילען איהם ער זאָל נישט פאר־שפעטיגען צו קומען צו דער באַן סטאַנציע, דער פערד איז געלאָפען מיט אלע זיינע כחות און דער רייזענדער

האָט זיך פון צייט צו צייט זיך אומגעקוקט הינטער זיך כדי צו אָטעמען נאָך אביסעל לופט פון דעם אָרט וואָס מיט איהם האָט ער געלעבט פון זיין געבוירען טאָג אָן. ער האָט אזוי געקוקט הינטער זיך ביז ער האָט שוין אויפגעהערט צו זעהן דעם לעצטען דאַך פון שטאדט.

**עס איז נישט** קיין גרינגע זאך צו שיידען זיך מיט דער פאַמיליע און מיט דער געבורטס שטאדט, אבוואָהל א לעבעדיגער מענטש קען נאָך האָפען ווידער צו זעהן דעם אָרט וועלכען ער האָט פארלאָזט, אָבער דער גע־פיהל איז שטאַרקער, און ער גיט נישט קיין רוה דער נשמה פון וואַנדערער. און ווי שפירט זיך שוין א מענטש ווען ער מוז זיך שיידען מיט זיין געבורטס-לאַנד, מיט זיינע ליבע, בעקאַנטע, מיט זיין פאמיליע און מיט זיין הויזגעזינד און מיט אלץ וואָס איז איהם ליב און טייער. ער דאַרף פאָהרען אין אַזא אָרט, וואָס ער האָפט שוין נישט זיך מעהר צו זעהן. אַלץ צו פאַר־לאָזען און אוועקגעהן און נישט זיך אומקערען פון דאָרט. ווייל עס האָט נאָך נישט געטראָפען דער פאַל אַז עמיצער וועלכער איז דאָרט אוועק זאָל צוריק קומען. (מיר אידען, מאמינים בני מאמינים, זיינען זיכער באמונה שלימה אז תחית המתים וועט זיין, נור מיר רעדען וועגען ביז איצטער). ווען די באזוכער קומען זיך געזעגענען אין אזא פאַל, ווי שרעקליך זיינען די דאָזיגע לעצטע מינוטען, און ווער רעדט נאָך ווען דער גרעסטער מענטש אין זיין דור געהט אוועק פון דער וועלט. צו אזא שיידונג וואָס

די מינוטען זיינען געצעהלטע, וואָס יעדער איינער באַמיהט זיך זוכה צו זיין צו זעהן זיין גרויסען רבי אין זיינע לעצטע מינוטען און צו הערען פון זיין מויל זיינע לעצטע ווערטער, דען אזא שיידונג לאָזט איבער א שטאַרקען און טיפען איינדרוק אין דעם האַרץ און אין דער נשמה פון יעדען איינעם פון די באזוכער, דאָס איז פאַרשטענדליך, אז ווען דער געטליכער תנא דער רבי פון דעם גאנצען אידישען פאָלק איז קראַנק געוואָרען אין עלטער פון הונדערט און צוואנציג יאָהר (אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין מסכת ראש השנה דף ל"א און אין מסכת סנהדרין דף מ"א און אין מדרש רבה סוף ויחי) א קראנקהייט ביי אזא עלטער האָט אויפגעציטערט זיינע תלמידים. מיט א הייליגען געפיהל האָבען זיי זיך פערזאַמעלט מבקר חולה זיין זייער גרויסען רבי, צו געניסען פון זיינע הייליגע ליכטיגקייט אין זיינע לעצטע מינוטען. דער געטליכער תנא, ווען ער האָט געזעהן זיינע תלמידים, איז ער אליין אויך געוואָרען אויפגערעגט און האָט אָנגעהויבען צו וויינען. די תלמידים, לויט ווי זיי האָבען געקענט זייער גרויסען רבי אין אלע הינזיכטען, האָבען נישט געקאָנט פאַרשטעהן די באדייטונג פון דעם וויינען פון זייער רבי, וואָס דאַרף אזא תנא אלקי (געטליכער תנא) אויך וויינען ווען ער געהט אוועק פון דער וועלט עולם עובר (פארבייגעהענדער וועלט) צו דער אייביגער וועלט? און זיי האָבען איהם געפרעגט מיט פארוואונדערונג: אונזער רבי, ביזט דאָך די ליכט פון אידען, דער עמוד

הימיני א. א. וו., אויף דיר האלט זיך דאך דאס גאנצע אידישע פאלק, פיעל האסטו אין דיין לעבען אויפגעטאן — טא וואס וויינסטו? דו האסט זיך דאך צוגעגרייט אין פארהויז, דו האסט דאך מיט וואס אריין צו קומען אין פאלאץ.

## די שרעק פון יום הדין

**זיין ענטפער צו זיי איז געווען,** אז ער וויינט צוליעב דער שרעק פאר'ן יום הדין, וועלכער ער דארף זיך שטעלען פאר'ן מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא. ער האט ערקלערט די גרויס פון דער שרעק און האט צו זיי געזאגט: דען ווען מען זאל איהם פיהרען צום משפט פאר א שטערבליכען מלך, וואלט ער אויך באדארפט וויינען, און בפרט, אז מען פיהרט איהם פאר'ן מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא, וואס מען קען איהם נישט פארגלייכען צו א שטערבליכען מלך, וועלכער היינט איז ער דא, און מארגען אין קבר, דאס ווען ער זאל מיר אפילו פאראורטיילען צו דער העכסטער שטראף, וואלט איך אויך נאך געקענט האפען באפרייט צו ווערען, ווארום עס קען אמאל טרעפען, אז דער קעניג וואס האט מיך פאראורטיילט וועט שטארבען און אויף זיין ארט קומט אן אנדער

מלך, און ווי עס פיהרט זיך, אַז אַ נייער קעניג קומט, איז אין דעם טאָג פון זיין אַרויפשטייגען אויף זיין קעניגליכער שטול, באַגנעדיגט ער די פאַראורטיילטע. דאָס מיינט ער מיט די ווערטער: „ואם אוסרני, אין איסורו איסור עולם", אויך: „ואם ממיתני, אין מיתתו מיתת עולם" (ווען ער וואָלט מיר געטויט, איז דאָס נישט קיין אייביגער טויט). למשל, ווען מיר שפּאַצי־רען אויפ'ן בית הקברות, צווישען די שורות פון די קברים, און מיר לייענען אַראָפּ פון די מצבות די נע־מען פון די, וועלכע זענען באַגראָבען אונטער זיי, און דעם דאַטום פון זיין פּטירה, אויף זיין מצבה איז אויס־געקריצט, אַז יענער איז געשטאָרבען מיט פערציג יאָר צוריק, און אויף אַ צווייטער מצבה — אַז יענער איז געשטאָרבען מיט הונדערט יאָהר צוריק, און אויף אַ דריטער מצבה לייענען מיר, אַז יענער איז געשטאָר־בען מיט עלף מאָנאַטען צוריק, און אזוי ווייטער. ווען מיר וועלען זיך באַטראַכטען וועגען דעם אונטער־שיד פון דער צייט צווישען די געשטאָרבענע, ווער פון זיי איז פריהער געשטאָרבען, און ווער פון זיי שפּע־טער, איז דער אונטערשייד נאָר אין דער פאַרגאַנגענ־הייט, דען אין דער געגענווערטיגער צייט איז קיין שום אונטערשייד נישטאָ, ווער עס איז פריהער גע־שטאָרבען, אָדער שפּעטער, ווייל איצט זענען דאָך די אַלע טויטע, און וואָס פאַר אַ נפקא מינא איז דעם גע־שטאָרבענעם, צי ער ליגט אין קבר פון איין יאָהר, צי ער ליגט שוין אין קבר הונדערט יאָהר?

צו ערקלערען די זאַך נאָך בעסער קענען מיר מיט דעם, צום ביישפיעל: מיט זעכציג יאָהר צוריק האָבען געלעבט צוויי מענשען, וועלכע זענען דעמאָלט אַלט געווען צו פערציג יאָהר. איינער פון זיי איז פאַראורטיילט געוואָרען פון געריכט צום טויט און מען האָט איהם געטויט. און דער צווייטער האָט זיך געלעבט ביז היינט, ווען ער איז אַלט געוואָרען הונדערט יאָהר. סוף כל סוף, איצט זענען זיי שוין ביידע טויט. איז, אַז מיר ווילען זיך אַריינטראַכטען וויפיל יאָהר טויט האָט דער ריכטער פאַראורטיילט דעם ערשטען, ווילען מיר זיכער ענטפערען, אַז אויף זעכציג יאָהר. אַלס ביישפיעל ווילען מיר נעמען דעם צווייטען מענש, וועלכער איז נישט פאַראורטיילט געוואָרען און האָט אָפּגעלעבט זיינע יאָהרען, וועלכע זענען איהם באַשטימט געוואָרען און ער האָט געלעבט נאָך זעכציג יאָהר נאָכ'ן טויט פון דעם פאַראורטייל־טען. קומט דאָך אויס, אַז לויט די לעבענס יאָהרען פון דעם צווייטען האָט דעם פאַראורטיילטען געפעלט זעכציג יאָהר פון זיינע לעבענס־יאָהרען. קומט אויס, אַז מען האָט איהם פאַראורטיילט נאָר אויף זעכציג יאָהר איבעריגע טויט, וואָרום אפילו ווען מען וואָלט איהם דאַן נישט פאַראורטיילט צום טויט, וואָלט ער דאָך סיי ווי שוין היינט נישט געלעבט. דער מענש, וועלכער האָט מיט איהם געלעבט, געווען אין זיינע יאָהרען און אין איין עלטער מיט איהם, און מען האָט

איהם נישט פאַראורטיילט צום טויט, לעבט שוין אויך נישט מעהר.

**איצטער** איז פאַרשטענדליך, אַז דער טויט, וואָס אַ שטערבליכער קעניג טוט פאַראורטיילען, איז דאָס נישט קיין אייביגער טויט, נאָר אַ טויט אויף אַ באַשטימטער צייט. „ואני יכול לפייסו בדברים ולשחדו בממון" — אויך קען מען איהם איבערבעטען מיט רייד און אונטערקויפען מיט געלד, ווי עס איז באַוואוסט, ווער עס האָט אַ פּראָצעס, ווענדעט אַן פאַרשידענע מיטלען אום באַפרייט צו ווערען: ער דינגט זיך אַן אַדוואָקאַט (אַ לאָייער), ער זאָל איהם פאַרטיידיגען, אָדער ער באַמיהט זיך ביי די ריכטער, אָבער אויב דער פּראָצעס קומט פאַר פאַר ג-ט, דאַן העלפען נישט די אַלע מיטלען, וועלכע מיר האָבען דערמאָנט.

**ערשטענס**, לעבט דער רבונו של עולם אייביג, דעריבער איז נישט צו האָפען אויף דער באַגנעדיגונג פון אַ נייעם קעניג. צווייטענס: „ואם אוסרני איסורו איסור עולם, ואם ממיתני מיתתו מיתת עולם". דאָס וואָרט „עולם" (אייביג) איז גרינג אַרויסצוריידען מיט׳ן מויל, אָבער ווען מיר זאָלען זיך וועלען אָפּגעבען אַ רעכענונג וואָס דאָס איז אַזוינס „אייביג" דאַן וועלען זיך אונז די האָר אויפ׳ן קאָפּ אויפשטעלען פון דער גרויסער צאָהל. דען למשל, ווען מיר זאָלען רעכענען די צאָהל פון הונדערט יאָהר, טויזענד יאָהר,

צעהן טויזענט יאָהר, צעהנדליגער טויזענד מיליאָנען און נאָך גרעסרע צאָהלען יאָהרען, וועט אויך סוף כל סוף מוזען קומען צו אַן ענדע, אָבער די צאָהל פון איי־ביג וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיגען.

**לויט ווי מיר האָבען** ערקלערט, איז די ערשטע טייל פון רבי יוחנן בן זכאי׳ס מאמר פאַר־שטענדליך פאַר יעדען איינעם, אָבער דער סוף פון זיי־נע הייליגע ווערטער, וועלכע ער האָט געזאָגט צו זיי־נע תלמידים פאַר זיין פטירה, אַז זיי זאָלען אויסראַ־מען די כלים, צוליב טומאה און זאָלען אָנגרייטען אַ שטול פאַר׳ן קעניג חזקיהו, וועלכער איז געקומען — די דאָזיגע ווערטער זיינע זענען אונז נישט פאַרשטענ־דליך: צי דען אין אַזאַ ערענסטער צייט, ווען ער גע־זעגענט זיך מיט זיינע גרויסע תלמידים פאַר זיין אַוועק־געהן אויפ׳ן אייביגען וועג, די מינוטען זענען גע־צעהלטע, זיין הייליגע נשמה איז גרייט אַרויפצוגעהן אין די העכערע געהיימע וועלטען, די תלמידים אַרום זיין בעט שטעהען מיט הייליגען ציטער אויפצונעה־מען די השפעת הקדושה פון זייער גרויסען לעהרערס הייליגקייט, צו הערען פון זיין מויל, ווי צו פיהרען זיך אינ׳ם לעבען, צי דען אין אַזעלכע הייליגע מינוטען זאָל דער גרויסער ריעז פאַרבייטען הייליגע ענינים אויף אַזעלכע קליינליכע זאַכען, ווי צו ראַטעווען די כלים אין הויז פון טומאה? איז דאָס אַן אינטערעס פאַר דעם געטליכען תנא, אין אַזאַ ערענסטע צייט,

זיך אָפּצוגעבען מיט אַזעלכע קליינינקייטען, ווי שטוב כלים?

איך האָב געהערט דערצעהלען וועגען א רייכען מאַן, א גרויסער קמצן (קאַרגער), ווען עס זענען אָנגעקומען די לעצטע מינוטען זיינע צו שיידען זיך פון דער וועלט, ווען ער האָט שוין געהאַלטען ביי דער גסיסה, ווי עס פיהרט זיך, האָבען די בני בית אָנגעצונדען ליכט צו יציאת נשמה. ווען דער שטאַר־בענדער האָט זיך געראַנגעלט צווישען טויט און לע־בען, האָבען זיך אויף א ווייל'נקע זיינע אויגען געע־פענט. די שיין פון די ליכט האָבען דערגרייכט צו זיי־נע אויגען, און מיט א פאַרשטיקטער גסיסה שטימע, האָט ער זיך געבייזערט אויף די הויז־געזינד, וואָס זיי קאַרגען נישט און ברענען אומזיסט די ליכט. ער זאָגט זיי דאָס ער שפּירט, אַז די גסיסה וועט זיך נאָך ציהען פּיליי'כט א האַלבע שעה. און ער שרייט אוים מיט די לעצטע כחות די ווערטער: פאַר־לעשט די ליכט, און אַזוי איז ער געשטאָרבען. דאָס איז די אייגענשאַפט פון א קאַרגען, אַז אפילו אין זיי־נע לעצטע מינוטען איז ער נאָך פאַרנאַרעשט אין געלד־ענינים. אָבער נישט יעדער מענש שטעהט אויף אזא נידעריגער שטופע, און בפרט אונזער הייליגער תנא רבי יוחנן בן זכאי, וואָס ער איז ווערט געוועז, אז די שכינה זאָל אויף איהם רוהען, אזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת בבא בתרא דף קל״ז, — איז דער

תנא וועט זיך אפגעבען אין אזא הייליגען מאמענט, ווען זיין הייליגע נשמה דערהויבט זיך ארויפצוגעהן אין די הויכע הימלען, וועט ער זיך אפגעבען מיט קליינ־ליכקייט, אז די כלים זאלען נישט טמא ווערען?

**אויך** זיינע הייליגע רייד, וואס ער האט געזאגט: „גרייט צו א שטול פאר חזקיהו מלך יהודה" דארף מען פארשטעהן. לויט דעם וואס די ספרים זאגען, אז אין דער צייט, וואס דער מענש געהט אוועק פון דער וועלט אויפ׳ן עולם האמת איז די וועג, וועלכע פיהרט אהין זעהר א וויימע און א געפערליכע. עס שטעלען זיך ביי יעדען איינעם די האר קאפויער פון דעם איבערגאנג פאר דער טויט־שרעק און פאר דער שרעק פון קבר און נאך . . .

**אמת** דוד המלך עליו השלום האט זיך ערלויבט צו זאגען: „גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע, כי אתה עמדי" (איך אפילו, ווען איך געה אין טאהל פון דער פינסטערניש, האב איך נישט מורא פאר קיין שלעכטס, ווייל דו ביסט מיט מיר). ער זאגט אז ער שרעקט זיך נישט פאר דעם וועג, ווייל ער וועט נישט געהן איינער אליין, נאר ג־ט וועט איהם באגליי־טען אין זיין וועג. אבער נישט יעדער מענש איז זו־כה צו שטעהן אויף אזא הויכער מדרגה.

**איך האב געהערט** אין דעם נאמען פון די מקובלים ז״ל, אז אויב א מענש האט צווישען זיינע

אבות איינעם אַ צדיק, איז אין דעם טאָג פון זיין אַוועק־
געהן פון דער וועלט, קומט יענער צדיק איהם אַנטקעג־
גען און פיהרט איהם אַריבער דעם געפערליכען וועג.
דאָס זעלבע געפינען מיר אויך אין דער גמרא בבא
קמא, דף קי"א און אין מסכת בבא מציעא, דף ס"ב:
רבא האָט געזאָגט, אַז איך וועל שטאַרבען, וועט מיר
אַרויסקומען אַנטקעגען רבי אושעיא, ווייל איך האָב
פאַרענטפערט די משנה, אַזוי ווי ער האָט געלערענט.

**און פיליכט** איז רבי יוחנן בן זכאי אויך דאָס זעל־
בע אויסען געוועזן מיט דעם וואָס ער האָט
געזאָגט, מען זאָל צוגרייטען אַ שטול פאַר חזקיהו המלך
וועלכער וועט איהם קומען אַנטקעגען, איהם אַריבער־
צופיהרען דעם וועג. פיליכט שטאַמט רבי יוחנן בן
זכאי פון דער פאַמיליע פון מלכות בית דוד. אָבער
דער תירוץ באַפרידיגט אונז נישט, וואָרום אויב מיר
וועלען זאָגען דעם טעם, וועט אונז דאָך זיך פרעגען,
פאַרוואָס האָט ער נישט געהייסען בעסער צוגרייטען
אַ שטול פאַר דוד המלך עליו השלום, וועלכער איז דער
ערשטער פון די מלכות בית דוד. אויך ער איז פי־
ליכט אַ העכערער צדיק, אַזוי ווי מיר געפינען אין
ישעיהו, וואָס דער נביא האָט געזאָגט אין נאָמען פון
ג־ט: „וגנתי אל העיר הזאת להושיעה למעני ולמען
דוד עבדי" (און איך וועל פאַרטיידיגען די שטאָדט
איהר צו העלפען צוליב מיר און צוליב מיין קנעכט
דוד). זעהען מיר דאָך, אַז די הילף אין די צייטען פון

חזקיהו המלך איז געקומען אין זכות פון דוד׳ן, איז דאך פון דעם געדרונגען, אז דוד המלך׳ס זכות איז א גרעסערער, האט דאך רבי יוחנן בן זכאי געדארפט היי-סען די תלמידים זיינע, מען זאל אנגרייטען א שטול פאר דוד המלך עליו השלום.

## די תורה איז די פעסטונג פון דער נאציאן

**מיין מיינונג וועגען דעם איז:** דאס עס איז דאך באוואוסט דער סיסטעם פון רבי יוחנן בן זכאי, וועמענס מיינונג איז געוועזן פארקערט פון דעם סיסטעם פון די בריונים (די פארטיי, וואס האט געהאל-טען, אז מ׳דארף קעמפען מיט די רוימער), ווי ס׳ווערט געבראכט אין מסכת גיטין, דף נ״ו, אז דער סיסטעם פון די בריונים איז געוועזן צו שטעלען זיך געגען די רוימער אין קאמף. און רבי יוחנן בן זכאי האט געזעהן מיט זיינע אפענע אויגען, אז די בלוט-פארגי-סונג אין דער מלחמה מיט די רוימער וועט זיין אומ-זיסט, אהן א נוץ. בשום אופן וועט דער נצחון נישט זיין אויף דער אידישער זייט. דעריבער האט ער זיך געמיהט צו מאכען שלום מיט די רוימער, נאכצוגע-בען די מאטריעלע מאכט, און פאר׳ן אידישען פאלק איבערלאזען די גייסטיגע מאכט, אזוי ווי ער האט גע-בעטען ביים קייסער, ער זאל איהם געבען די שטאדט

יבנה מיט איהרע חכמים, און מיט דעם וואָס ער האָט באַקומען יבנה מיט איהרע חכמים, איז אויפגעשטעלט געוואָרען אונזער נאַציאָנאַלע פעסטונג, וואָס קיין שום פיינד קען נישט האָבען די מאַכט איבער איהר, ווייל די פעסטונג איז נישט געבויט פון ציגעל און ליים, נאָר פונם הייליגען פייער פון גייסט און נשמה. מענשליכע הענט זענען נישט אומשטאַנד זיך צוצוריהרען צו דער דאָזיגער פעסטונג.

**און** רבי יוחנן'ס סיסטעם האָט געזיגט, ווייל שוין נאָ-
הענט צו צוויי טויזענט יאָהר שטעהט שוין
די פעסטונג פון יבנה, אַזוי ווי ניי, נאָר וואָס געבויט. אלע פיילען און שטיינער, וואָס מען האָט אין איהר געוואָרפען, האָבען זי נישט געריהרט פון איהר אָרט אפילו אויף אַ האָר. דאָס זעהען מיר, נאָך אַ פראַקטיקע פון צוויי טויזענט יאָהר.

**אָבער** ווען רבי יוחנן האָט אָנגעהויבען צו פאַר-
שפרייטען זיין סיסטעם, האָט ער אָנגע-
טראָפען אויף זיין וועג אַ גרויסע געגנערשאַפט. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט דאָרט אין דער גמרא גיטין, אַז עס האָבען זיך אפילו צווישען די חכמים געפונען געגנער צו דעם סיסטעם זיינעם, און איינער פון די חכמים האָט געלייענט אויף איהם דעם פסוק: „משיב חכמים אחור ודעתם יסכל” (ער נעמט ביי די חכמים צו דעם שכל און פאַרנאַרישט זיי). דעריבער האָט

רבי יוחנן בן זכאי געפונען, דאס אין די לעצטע מי־נוטען זיינע א ביסעל צו ריידען צו זיינע תלמידים און זיי אויפצוקלערען די גערעכטיגקייט פון זיין סיסטעם. און ער צייגט זיי איבער, אז דאס איז נישט בלויז זיין סיסטעם, נאר עס איז אן אלטער סיסטעם, וועלכער איז שוין אויסגעפרובט נאך ביי חזקיהו המלך. דער צדיק האט שוין לאנג געבויט די פעסטונג פון פאלק אויף דער סיסטעם. ער האט אריינגעשטעקט א שווערד ביי די טהירען פון בית מדרש, און האט געזאגט: ווער עס וועט נישט עוסק זיין אין דער תורה, דער זאל גע־שטאכען ווערען מיט דעם שווערד. און אין זיינע צייי־טען האט געשטיגען דער דור צו דער העכסטער מדרגה אזוי, אז ווען מען האט געמאכט אן אונטערזוכונג פון דן ביז באר שבע, פון גבת ביז אנטיפרס, האט מען ניט געפונען קיין אינגעל אדער מיידעל, א מאן אדער פרוי, וועלכע זאלען נישט וויסען די דינים פון טומאה און טהרה. אין חזקיהו׳ס צייטען איז ארויסגעריסען גע־ווארען די טומאה, און די טהרה איז געקומען אויף איהר ארט, די חכמת התורה האט באזיגט די אומ־וויסענהייט.

רבי יוחנן האט באקאנט געמאכט פאר זיינע תלמי־דים, אז זיין סיסטעם איז געבויט אויף די פונדאמענטען פון חזקיהו׳ס סיסטעם, און אלס צייכען פון דאנקבארקייט פון דעם מלך חזקיהו צו מיר, וואס איך האב געשטיצט דעם סיסטעם זיינעם צו דערהאל־

טען די תורה ביים פאָלק, איז ער דאָ געקומען יעצט צו מיר, גרייט אַ שטול פאַר איהם. און אייך, תלמי־דים, וואָרען איך למען השם צו האַלטען די סיסטעם אלס איינע פון די הויפּט־פּונקטען. און דער סיסטעם איז: „פנו כלים מפני הטומאה" — איהר זאָלט ריי־ניגען די טומאה, אַרויסטרייבען פון פאָלק די זאַכען, וואָס איז טמא פאַר אונז, און פאַרשטאַרקען די קדושה און די טהרה, צו ערציהען דעם דור אין גייסט פון דער תורה, און אין דעם גייסט פון אַלטען ישראל. די דאָ־זיגע פעסטונג איז די שטאַרקסטע און די זיכערסטע, די סאַמע אויסגעפּרובטע. מיר האָבען פיעל שונאים געהאַט ביי די ווענט פון דער פעסטונג און זייערע קרעפטען זענען צושמעטערט געוואָרען, אַנקלאַפּענדיג זיך אין די ווענט פון דער פעסטונג. און מיר גלויבען און מיר זענען זיכער, אַז אונזערע היינטיגע שונאים וועלען אונז נישט באַזיגען, ווען מיר וועלען זיך וויי־טער שטיצען אויף דער פעסטונג.

# נישט ביי די חכמים איז דאָ ברויט

**אין דער גמרא תענית**, דף כ״ד: „אמר רב יהודה אמר רב: בכל יום ויום בת קול יוצאת ואומרת: כל העולם כולו אינו ניזון אלא בשביל חנינא בני, וחנינא בני, דיו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת״. — רב יהודה האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב: יעדען טאָג געהט ארוים א בת קול און זאָגט: די גאַנ־צע וועלט ווערט געשפייזט צוליעב מיין זוהן חנינא, און מיין זוהן חנינא איז איהם גענוג מיט א קב (אזא מאָס) באָקסער פון ערב שבת ביז ערב שבת. — דער מהרש״א דאָרט ערקלערט, אַז דאָס וואָרט יוצאת (געהט אַרוים) האָט נישט די באַדייטונג אַלס בינוני פועל (געגענווערטיגע צייט), נאָר אַלס זמן עבר (פאַר־גאַנגענע צייט), גלייך ווי עס וואָלט געשטאַנען היתה יוצאת (פלעגט אַרויסגעהן), אין דער צייט, ווען רבי חנינא בן דוסא האָט געלעבט, ווייל רב איז דאָך געווען שפּעטער, ווי רבי חנינא, קען דאָך נישט זיין די מיי־נונג זיינע, אַז עס געהט אַלע טאָג אַרוים א בת קול און זאָגט, אַז חנינא׳ן איז גענוג אַ קב חרובין, טאָ רבי חנינא האָט דאָך שוין נישט געלעבט אין רב׳ס צייט. דעריבער זאָגט מהרש״א, אַז ער מיינט, עס פלעגט אַרויסגעהן.

**מיין מיינונג** וועגען דעם איז פאָלגענדע: דער דאָזיגער מאמר רעדט נישט וועגען פריוואַטען לעבען פון ר' חנינא בן דוסא, נאָר דער דאָזיגער מאמר גיט אַן אַלגעמיינעם איבערבליק וועגען דעם לעבען פון די חכמים, וועלכע אַרבייטען זייער גאַנץ לעבען, די טעג און אויך די נעכט, צו געפינען עפּעס אַ נייע ערפינדונג צום גונסטען פון דער מענשהייט. זיי באָדען זיך ממש אין שוויים פון פיעל אַרבייט צו ברענגען נוצען דער וועלט, און נאָך אַלע זייער מיה, שווערער אַרבייט אין זייערע ערפינדונגען, ליידען זיי נויט און הונגער. אויף דעם באַקלאָגט זיך דער בעל המאמר און זאָגט:

**טאָג טעגליך**, פון אָנהויב פון דער וועלט-באַשאַפונג אָן, געהט אַרויס אַ בת קול און זאָגט, אַז דאָס איז אַ געזעץ פון דער נאַטור: „שכל העולם כולו אינו ניזון אלא בשביל חנינא בני", פיעל טויזענטער מענשען באַנוצען זיך מיט דער ערפינדונג פון דעם חכם, וועלכער האָט ערפונדען נאָך פיעל אַרבייט פון טעג און שלאָפלאָזע נעכט, „וחנינא בני דיו לו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת", דאָס הייסט, אַז די ערפינדער אַליין, וואָס די גאַנצע וועלט געניסט פון זיי, אַז זיי אַליין הונגערען, פאַר זיי האָט די נאַטור באַשטימט נאָר איין קב חרובין (אַ מעסטעל באָקסער), דאָס הייסט גאָר אַ קליינינקייט צום לעבען. אָבער חנינא און זיינע חברים רעכענען זיך נישט מיט די אַלע

שווערינקײטען און נויט, זײ טהוען זיך זײערס, אַרבײ־טען און האַרעווען אָהן אויפהער, ווײל דאָס איז אַ געזעץ פון דער נאַטור.

**און אויך** אי ןדעם לעבען פון דעם אײנפאַכען מענש זעהען מיר אַזעלכע טרויעריגע ערשײנונגען, אַז דער הויפּט פון דער פאַמיליע טראָגט אויף זיך די גאַנצע לאַסט פון דעם הויז, האָט קײנמאָל קײן רוה נישט, זײנע אַלע טעג געהען אַוועק אין פאַרדרוס און אין וועהטאָג, אַרבײט אין די נעכט, וי אין די טעג, אָהן אָפּרוה, און די, וועלכע געניסען פון זײער מיה און אַרבײט, זענען זײנע הויז־מענשען, זײ געניסען פון זײן שווײס, און ער אַלײן איז שטענדיג פאַריאָגט און פאַרגלאָגט. ווער צווינגט איהם דאָס דערצו צו אַר־בײטען פאַר אַנדערע און אַלײן נישט צו געניסען פון זײן אײגענער ארבײט? — „אמר רב יהודה אמר רב: בכל יום ויום בת קול יוצאת ומכרזת: כל העולם כולו ניזון בשביל חנינא בני, ולחנינא בני דיו בקב חרובין מערב שבת לערב שבת”, דער בת קול רופט אויס, אַז דאָס איז אַ געזעץ פון דער נאַטור, אַז ר׳ חנינא אַרבײט און שוויצט, און ער אַלײן געניסט נישט פון דעם, נאָר די וועלט געניסט.

# אַ ערקלערונג, וואָס רב פפא זאָגט: מיר האָט מען חושד געווען אין דאָס, וואָס עס איז אין מיר נישט געווען

**אין מסכת שבת**, דף קי״ח: „אמר רב פפא, לדידי חשדו ולא הוה בי״ (רב פפא האָט געזאָגט: מיך האָט מען חושד געווען אין אַ זאַך, וואָס דאָס איז אין מיר נישט געווען). די מפרשים ברענגען אין נאָמען פון גאון רבי אברהם ברוידא, זכרונו לברכה, אַז רב פפא איז אויסען געווען מיט דעם צו זיין מאמר אין מסכת שבת דף ק״מ, וואו ער זאָגט: „דער וועלכער האָט די מעגליכקייט צו טרינקען ביער, און טרינקט וויין, איז ער עובר אויף בל תשחית״. דער מהרש״א דאָרט זאָגט אויף דעם, אַז רב פפא האָט גע׳דרש׳ענט פאַר זיין טובה וועגען, ווייל ער האָט געהאַנדעלט מיט ביער, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין מסכת פסחים, דף קי״ג, אַז רב פפא האָט געזאָגט: „אי לא דרמי שיכרא, לא איעתרי״ — ווען איך וואָלט נישט געמאַכט קיין ביער, וואָלט איך נישט רייך געוואָרען. איז דאָס מיינט רב פפא, וואָס ער זאָגט: „לדידי חשדו ואין בי״, דאָס הייסט, אומזיסט, איז מען מיר חושד, אַז דאָס וואָס איך האָב געזאָגט, אַז דער וואָס האָט די מעגליכקייט צו טרינקען ביער און ער טרינקט וויין,

איז ער עובר אויף „בל תשחית״, (דאָס הייסט, ער טוט אַן איסור, וואָס ער מאַכט אומזיסט קאַליע געלד), בין איך אויסען געווען מיין טובה — דאָס איז נישט אמת, איך בין דערמיט גאָרנישט אויסען געווען, נאָר איך האָב דאָס געזאָגט, ווייל אַזוי איז מיין מיינונג וועגען דעם.

**נאָך מיין מיינונג,** וואָלט איך געזאָגט, אַז נאָך אַנ־דערע געשעהענישען אין רב פפא׳ס לעבען האָבען גורם געווען, אז מען זאָל איהם חושד זיין. געווים, איז רב פפא געווען ריין פון מינדענסטען חשד. און מיט זיין מאמר „לדידי חשדו״ האָט ער געמיינט אַנדערע געשעהענישען, צוליעב וועלכע מען האָט איהם געקענט חושד זיין. איינע פון די געשעהענישען איז דאָס, וואָס עס ווערט דערצעהלט אין מסכת תענית, דף ט׳: „כי נח נפשיה דרבא, אתי לקמיה דרב פפא, כל אימת דהוה, אמר להו שמעתא, ולא הוה מסתברא להו, הוו מרמזי אהדדי, חלש דעתיה. אקרויה בחלמיה: „ואכחיד את שלושת הרועים״. למחר כי הוו מיפטרי מיניה, אמר להו, ליזלו רבנן בשלמא״. ווען רבא איז געשטאָרבען, זענען זיינע תלמידים געקומען צו רב פפא׳ן, און ווען ער האָט זיי געזאָגט א הלכה, און עס איז זיי נישט געווען פאַרשטענדליך, האָבען זיי געוואונקען איינער צום אַנדערען, איז רב פפא געווען ביי זיך געפאַלען, האָט מען איהם געלייענט אין חלום דעם פסוק „ואכחיד את שלושת הרועים״ (אויף

צו מאַרגענס, ווען די תלמידים זענען פון איהם אוועק־געגאַנגען, האָט ער צו זיי געזאָגט: „ליזלו רבנן בשלמא״ — זאָלען די רבנן געהן געזונד). אזוי איז די גירסא אין דער גמרא, אַז ער האָט זיי געזאָגט „בשלמא״ מיט אַ „ב״, און אין עין יעקב איז געשרי־בען „לשלמא״ מיט אַ „ל״. דער אונטערשיד צווישען די צוויי גירסות איז לויט ווי עס ווערט געבראַכט אין גמרא ברכות, דף ס״ד און אין מועד קטן, דף כ״ט: אַז מען זאָגט איינעם ביים געזעגענען זיך „לשלום״ מיט אַ „ל״ איז דאָס אַ גוטער סימן, און אַז מען זאָגט ביים געזעגענען זיך „בשלום״ מיט אַ „ב״ איז אַ שלעכ־טער סימן.

**ביי דער דערמאָנטער** געשעהעניש, האָבען זיך גע־פונען איינינע וועלכע האָבען חושד געווען אַז רב פפא האָט געזאָגט צו די תלמידים „בשלמא״ מיט אַ „ב״, לויט דער גירסא אין דער גמרא, וואָס עס וואָלט געווען אַ שלעכטער סימן פאַר די תלמידים, אַז רב פפא איז אויסען געווען זיי צו שילטען. אויף דעם האָט רב פפא געזאָגט, מען האָט מיר חושד געווען, אַז איך האָב געזאָגט „בשלמא״, און אַז איך האָב זיי גע־שאָלטען, אָבער דאָס איז נישט ריכטיג, דען איך האָב געזאָגט „לשלמא״ מיט אַ „ל״.

**און אפשר** האָט רב פפא געמיינט מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט: אַז אפילו ווי די וואָס זאָגען

אז איך האָב געזאָגט „בשלמא" איז אויך קיין געפאהר נישט, ווייל דער לשון בשלמא איז אויך א ברכה און נישט קיין קללה, אזוי ווי דער נמוקי יוסף זאָגט דאָרט: „ויש בני אדם שמנחשים ומשימים דבר בלבם וכנגדם דברו חכמים, אבל למי שאינו מקפיד אין הדבר מזיק כלום" (עס זיינען פאַראַן מענטשען טרעפערס, וועלכע פרואווען זיך טרעפען דורך פארשידענע סימנים, די חכמים אבער זיינען געגען דעם, אָבער דער וואָס לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם שאדעט עס איהם גאָר ניט) און איך האָב קיין שום קללה זיי נישט געזאָגט, נאר אדרבא, דאָס וואָס איך האָב זיי געהייסען געהן פון מיר האָב איך אויסען געווען ווייל מען האָט מיר געוויזען אין חלום אז מען וויל זיי באשטראָפען דערפאַר וואָס זיי האָבען מיך פארשעהמט, האָב איך זיי דעריבער געזאָגט, אויף צו מאָרגענס, זיי זאָלען געהן צו זייער אָרט, כדי עס זאָל מקוים ווערען דער חלום מיט דעם גאַנג צו זייער אָרט, און זיי זאָלען נישט געשטראָפט ווערען. דער גלות וועט זיי זיין א כפרה אויף זייער זינד ווי רבי יוחנן זאָגט אין מסכת סנהדרין דף ל"ז „אז גלות איז מכפר אויף אלץ". איך האָב גרויס הנאה פון דער דאָזיגער השערה מיינע, ווייל נאָך מיין מיינונג איז זי קרוב לאמת ב"ה.

**איך וויל זאָגען** נאָך א השערה: אז אפשר האָט רבי פפא געמיינט דאָס וואָס ער האָט געזאָגט אין מסכת קידושין דף ע"ב: „אמתא חביל ימא והאידנא

איערבו בהו כותאי״. די שטאדט חביל ימא איז געווען אמאל א ריינע, נאר היינט האבען זיך אין איהר אויס־געמישט כותיים און דארטען אין גמרא ווערט גע־בראכט אויף דעם: „ולא היא איתתא הוא דבעא מינייהו ולא יהבו״. (נישט אזוי איז דאס: נאר ער האט געוואלט נעמען א פרוי פון זיי האט מען איהם נישט געוואלט געבען). דער פשט אין דער גמרא איז אז עס איז ארויס א קלאנג אויף דער שטאדט חביל ימא אז זי איז נישט קיין ריינע אין יחוס, ווייל אכותי האט געוואלט נעמען א ווייב פון דארט, אבער דער פאקט איז געווען אז מען האט איהם נישט געגעבען. אין רש״י און אין תוספות ווערט דארט געבראכט: „דיש אומרים רב פפא בעא מינייהו איתתא ולא יהבו ליה״. מאנכע האבען געזאגט אז רב פפא האט געוואלט נעמען פון זיי א ווייב און מען האט איהם נישט געגעבען, דעריבער האט ער ארויסגעלאזט אויף דער שטאדט דעם קלאנג אז זי איז נישט ריין אין יחוס. רש״י און תוספות זאגען אויף דעם אז עס איז שווער צו זאגען אזוי חס ושלום אויף אזא צדיק. מיין מיינונג איז, אז פיליכט האט רב פפא גע־מיינט מיט די ווערטער: מען האט מיר חושד געווען א זאך, וועלכע איך בין געווען ריין אין דעם, דאס איז ביי דער פאסירונג פון דער שטאדט חביל ימא וואס מאנכע האבען געוואלט זאגען אז צוליב מיין פריוואטען אינ־טערעס האב איך ארויסגעלאזט אויף זיי א שם רע, אבער עס איז נישט אמת, זאל מיך ג־ט אויסהיטען מיר

זאָל ארויפגעהן אפילו אויף דעם געדאַנק צו טאהן אזעלכעס.

**נאָך א השערה** קען מען זאָגען אז אפשר האָט רב פפא געמיינט דעם פאַקט, וואָס ווערט גע־בראַכט אין מסכת בבא מציעא דף ס״ט: „הנהו תרי כותאי דעביד עסקא בהדי הדדי אזיל חד מינייהו פליג זוזי בלא דעתיה דחבריה, אתי לקמיה דרב פפא אמר ליה מאי נפקא מינה הכי אמר רב נחמן זוזי כמאן דפלגי דמי. לשנה זבין חמרא בהדי הדדי, קם אידך פליג ליה בלא דעתיה דחבריה, אתי לקמיה דרב פפא אמר ליה מאן פליג לך, אמר ליה קא חזינא דבתר דידיה קא אתי מר״ (צוויי כותים האָבען געמאַכט בשותפות א געשעפט, איז איינער פון זיי האָט צוטיילט דאָס געלד פון פארדינסט אָהן דעם צווייטענס וויסען, איז דער שותף געקומען צו רב פפא׳ן זיך באקלאָגען, האָט ר׳ פפא געזאָגט: וואָס איז דער אונטערשייד דען אזוי האָט ר׳ נחמן געזאָגט, אז געלד קען מען צוטיילען אויך אָן דעם צווייטענ׳ס וויסען. אין א יאָהר ארום האָ־בען זיי געקויפט בשותפות וויין, איז געגאַנגען דער צווייטער שותף און האָט צוטיילט אָהן דעם וויסען פון זיין שותף, זיינען זיי ווידער געקומען צו רב פפא׳ן. האָט איהם רב פפא געפרעגט: ווער האָט דאָס דיר צו־טיילט? האָט דער וואָס האָט צוטיילט געזאָגט צו רב פפא׳ן: ווי איך זעה בעסטו שטענדיג אויף זיין זייט). דער כותי האָט חושד געווען רב פפא׳ן דאָס ער האָט

ניט ריכטיג דעם דין געאורטיילט, האָט רב פפא גע־
זאָגט אויף אזא אופן דאַרף מען שוין ערקלערען די מאָ־
טיוועןֹ. זאָגט דאַרטען תוספות: „וואו ס'איז דאָ א אוים־
רייד אויף חושד צו זיין דארף מען ערקלערען די מאָ־
טיווען". איז קען מען זאָגען אז דאָס האָט פיליכט רב
פפא געמיינט זיין מאמר דאָס מען האָט איהם חושד
געווען אין א זאך וואָס ער איז אין דעם גאָר נישט
שולדיג.

# די פעראנטוואָרטליכקייט פון דעם רב וואָס פסק'ענט דינים

**אין מסכת יומא** דף פ"ו: ווערט געבראכט אין דער גמרא: „היכא דמי חילול השם? אמר רב כגון אנא אי שקילנא בישרא מטבחא ולא יהיבנא דמי לאלתר" (וואָס הייסט דאָס חילול השם? האָט רב געזאָגט. צום ביישפּיל, אז איך זאָל קויפען פלייש ביים קצב (בוטשער) און נישט גלייך באצאָהלען). עס איז מערקווירדיג: פארוואָס האָט רב גראַדע געבראַכט א ביישפּיל פאר חילול השם דווקא פון פלייש ביים קצב און נישט פון אנדערע ענינים. צום ביישפיל נעמען ברויט ביי א בעקער, אדער אנדערע שפּייז פּראָדוקטען פון א קרעמער, אָדער אנדערע חפצים, ווי א מלבוש פון א שניידער, שיך פון שוסטער, לויט מיין מיינונג קען מען זאָגען וועגען דעם פאָלגענדעם: מיר האָבען א כלל אז מען פסק'ענט ווי רב אין „איסורים" (ריינע רעלי־גיעזע פראגען) און ווי שמואל אין „דינים" (ביי געלד זאכען). אין רא"ש מסכת בבא קמא, דף ל"ז, ווערט געגעבען א טעם אויף דעם, „ווייל רב איז געוואוינט געווען אין ענינים פון איסור והיתר און שמואל איז געוואוינט געווען אין פראגען וואָס האָט צו טאָן אין געלד זאכען". לויט די ערקלערונג איז פארשטענדליך

אז געווים איז רב געווען א ספעציאליסט אין ידיעות התורה און נאטור, וואס אנבעלאנגט די ענינים פון תערובות (אויסמישונג) בשר וחלב (פלייש און מילך) און דאס גלייכען ענינים פון שחיטה און טריפות אין דער בהמה א. ז. וו. אויך פארשטעהט זיך אז רב אויסער וואס ער איז געווען קלאר אין דער חכמה פון אנא־טאמיע פון דער בהמה, ער האט געקענט און געוואוסט אלע גלידער פון דער בהמה פון איהר קאפ ביז איהרע פיס. ווי עס איז באוואוסט זיינען פיעל דינים פון שחיטה און טריפות אבהענגיג פון דער נאמנות פון קצב, אין דעם גלויבען אין קצב, און אויב מיר פסק'ע־נען ווי רב ביי איסורים, איז דאך געווים אז אויך אין די ענינים פון קצב פסק'ענען מיר אויך ווי רב. איז דא אויף דעם צו פרעגען: דאס איז פארשטענדליך, אז דאס וואס אנבעלאנגט אנגעלעגענהייטען פון דער בהמה, איז שייך צו זאגען אז ער איז געווען קלאר און ער־פאהרען, אבער וואס איז שייך ערפארונגען און ספע־ציאליטעט צו וויסען דעם קצב? נאר די זאך איז אזוי: מען דערצעהלט וועגען איינעם א באוואוסטען גאון, וועלכער פלעגט זאגען א א רב דארף וויסען די פינף טיילען פון „שולחן ערוך", וועט ער דאן קענען פסק'ע־נען, האט מען איהם געפרעגט, היתכן רבי, וויסען פינף טיילען שולחן ערוך? עס איז דאך מער נישטא ווי פיער? האט דער גאון געענטפערט, אז עס איז דא נאך א חלק, נישט קיין געדרוקטער (געפרינטעטער), ער רופט זיך „חלק פון שכל", דאס הייסט, אז אויסער

דעם וויסען די דינים דארף מען אויך קענען און וויסען די בעלי דברים. דעריבער איז געווים אז רב, אויסער די ידיעות פון די דינים האט אויך גוט געקענט די בעלי דברים. ער האט געווים געקענט דורך און דורך די פסי־כאלאגיע פון קצב און זיין כאראקטער, איז לויט די אנערקענונג האט רב געזאגט: אז דער רב וועלכער פסק'ענט די ענינים פון היתר ואיסור, כשר און טרייף, דארף ער זיין פארזיכטיג נישט צו האבען קיין נאהענט־קייט מיט'ן קצב, דהיינו אפילו אין דעם דהיינו צו קויפען ביי איהם פלייש אויף בארג, אז אויך אזא קלייניקייט קען האבען א ווירקונג אויף דעם קצב גרינג צו שעצען דעם כבוד פון רב און ממילא וועלען אויך די דינים ווערען גרינג געשעצט אין דעם קצב'ס אויגען. דעריבער באטאנט רב די ווערטער מיט דעם לשון: „כגון אנא" (צום ביישפיל איך), אויסען צו זיין דער־מיט צוויי זאכען. ערשטענס: איך, וואס איך בין בא־וואוסט אלס רייכער, אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין מסכת ברכות דף נ"ז: „והאמר רב לא אי עתרי עד דחזאי ראשי לפתות" (רב האט געזאגט אז ער איז נישט רייך געווארען ביז ער האט געזעהן אין חלום קעפלאך פון ריבען). אויך אין מסכת פסחים דף ק"ז ווערט געבראכט: „אמר ליה שרי אבא (רב) למינקי איסתירי משיכרא" (אין רש"י דארט איז ערקלערט אז רב האט אנגעהויבען מאכען ביער און צו פארדינען ביי דעם, דעריבער געפעלט דאס איהם צו מאכען קידוש אויף ביער). זאגט רב, אפילו מיר, וואס איך בין א

רייכער, איז דאָך ווען דער קצב פארקויפט מיר פלייש אויף באָרג, איז דאָך די הנאה פון קצב מער ווי מיינע, ווייל ער פארדינט אין מיר, און מיט דעם געבען מיר דאָס פלייש אויף באָרג האָט ער נישט קיין זאָרג טאָמער וועל איך נישט באצאָהלען, און צווייטענס: איז ער אויסען געווען דערמיט, וואָס ער האָט געזאָגט „כגון אנא", איך, וואָס איך בין דער אויטאָריטעט אין די דינים פון כשר און טריף, אלע רעכענען זיך מיט מיין מיינונג אין די דאָזיגע אָנגעלעגענהייטען, און ווען איך וועל מיר גרינג מאכען צו טאָהן וועלכעס עס איז זאך וואָס דעם קצב קען זיך דאכטען אז איך האָב די מינדסטע הנאה פון איהם, וועט דורך דעם אראָפּ די אויטאָריטעט פון מיר און מיין וואָרט וועט נישט האָבען די ריכטיגע אָפּשאַץ.

## צו זיין פאַרזיכטיג מיט א איבערזעצער

**אין מסכת חגיגה** דף י"ד ווערט געבראכט: „אמר רבי אבוה מכאן שאין מעמידין מתורגמן על הצבור פחות מחמשים שנה" (רבי אבוה האָט גע־זאָגט אז מען שטעלט נישט אוועק אלס איבערזעצער פאר'ן פובליקום אזעלכען וועלכער איז יונגער פון פופציג יאָהר). לויט מיין מיינונג וואָלט איך געזאָגט אז דעריבער האָט רבי אבוה מקפיד געווען נישט צו שטעלען אלס איבערזעצער פאר'ן פובליקום א יונגען מענטש, צוליב דעם וואָס עס האָט געטראָפען ביי איהם מיט זיין איבערזעצער, אזוי ווי עס ווערט געבראכט אין מסכת סוטה דף מ׳: „אמר לה דביתהו דאמורא דרבי אבוה לדביתהו דרבי אבוה הא דידן לא צריך ליה לדידך והאי דגחין וזקיף עליה יקרא בעלמא הוא דעביד ליה, אזלא דביתהו ואמרה ליה לרבי אבוה, אמר לה ומאי נפקא מינה, מיני ומיניה יתקלס עילאה". (די פרוי פון רבי אבוה'ס איבערזעצער האָט געזאָגט צו רבי אבוה'ס פרוי, מיין מאן דארף נישט אָנקומען צו דיין מאַן, ער זאָל איהם זאָגען וואָס צו רעדען פאר'ן פוב־ליקום, איי דאָס וואָס ער בויגט זיך און שטעלט זיך פאר איהם, איז דאָס סתם צוליב כבוד, ווייל דיין מאַן איז א קרוב למלכות, איז געגאַנגען רבי אבוה'ס פרוי

און האָט דאָס דערצעהלט איהר מאַן, האָט רבי אבוה איהר געזאָגט, וואָס איז דיר דער אונטערשיד? סיי דורך מיר און סיי דורך איהם ווערט ג-ט געלויבט). אָבוואָהל רבי אבוה מיט זיין גרויסע עניוות האָט איינגערעדט זיין פרוי עס זאָל איהר נישט פארדריסען, וואָס דעם איבערזעצער׳ס פרוי האָט פארקלענערט זיין ווערט, אָבער דאָך איז ער געוואָרען אויפמערקזאָם אויף זיין איבערזעצער, אז עס פעהלט איהם די ריכטיגע כונה לשם שמים, ווייל דאָס וואָס זיין פרוי האָט גערעדט, געווים האָט זי דאָס געהערט פון איהר מאַן, דאָס ער באריהמט זיך, איז דאָס האָט גורם געווען, אז רבי אבוה איז געקומען צום באשלום, דאָס אזא פאראנטוואָרטליכע שטעלע, נישט איבערצוגעבען צו א יונגען מענטש, נאר צו א מענטש מיט איבערלייגונג, א געזעצטען שכל, נישט אינגער פון פופציג יאָהר.

# פון דעם מענשענס רייד קען מען וויסען וואָס ער איז

אין מסכת חגיגה, דף ט"ו, ווערט געבראַכט: „אחר מאי? זמר יווני לא פסק מפומיה". די גמרא פרעגט, פארוואָס האָט די תורה וואָס אחר האָט געלע־רענט ניט מגין געווען און ער איז צו אזא שלעכטער מדרגה געקומען? ענטפערט די גמרא, ווייל די גריכישע געזאַנג האָט ניט אויפגעהערט פון זיין מויל. רש"י ער־קלערט אויף דעם, אַז ער האָט דאָס געדאַרפט פאַר־לאָזען צוליב'ן חורבן בית המקדש, אזוי ווי עס געפינט זיך אין ישעיה כ"ד: „בשיר לא ישתו יין" (זיי וועלען נישט טרינקען קיין וויין מיט געזאַנג). לויט דער גמרא אין גיטין, דף ז', איז דאָס אַ ביסעל שווער. דאַר־טען ווערט געבראַכט: „דאי מקרא בשיר לא ישתו, הוה אמינא זמרא דמנא, אבל דפומיה שרי, קא משמע לן מקרא „אל תשמח, דפומיה נמי אסור" (אויב פון דעם פסוק „בשיר לא ישתו יין" וואָלט איך געמיינט, אַז גע־זאַנג פון אַן אינסטרומענט טאָר מען נישט, אָבער מיט'ן מויל מעג מען, לאָזט ער מיך הערען פון פסוק „אל תשמח" (זאָלסט זיך נישט פרעהען, אַז אפילו געזאַגט מיט'ן מויל טאָר מען אויך נישט). איז דאָך די קשיא דאָ ביי אַחר'ן שטעהט „בפומיה", מיט'ן מויל פלעגט

ער זינגען, האָט דאָך רש"י געדאַרפט ברענגען דעם פסוק „אל תשמח", וועלכען וואָס פון איהם לערענט די גמרא אין גיטין אַרויס, אַז מען טאָר נישט זינגען מיט'ן מויל, טאָ וואָס ברענגט גאָר רש"י דעם פסוק: „בשיר לא ישתו", וואָס דאָס לערנט גאָר אַרויס, אַז מיט אַן אינסטרומענט טאָר מען נישט זינגען.

**אין אַלגעמיין** איז די גמרא שווער צו פאַרשטעהן.

די גמרא פרעגט: „אחר מאי", דאָס הייסט, פאַרוואָס האָט די תורה איהם נישט געשיצט? אַבּוואָהל עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא, אַז ער איז באַגאַנגען גרויסע עבירות, ער האָט אַנגעפּאַדערט אַ זונה אויפ'ן גאַס, ער האָט אום שבת געריסען געוויקסען פון דער ערד, דאָך פרעגט די גמרא, אַז דער זכות פון דער תורה דאַרף באַשיצען אויף גרויסע עבירות אויך, טאָ וואָס איז דער גמרא'ס ענטפער, אַז דעריבער האָט נישט באַשיצט די תורה אויף איהם, ווייל ער האָט עובר געווען אויף דעם וואָס ער האָט געזונגען, און דאָס איז אַן עברה, זאָגט רש"י, ווייל ווען דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען, האָט מען גוזר געווען, אַז מען טאָר נישט זינגען. עס איז ריכטיג, אַז דאָס איז אַן עבירה, אָבער ס'איז נישט קיין ענטפער, אַז צוליעב דעם זאָל די תורה נישט מגין זיין אויף איהם, דוכט זיך, אַז חילול שבת און זיך אָפּגעבען מיט אַ זונה איז מער עבירה, ווי זינגען, וואָרום דאָס זענען עבירות, וואָס זענען געשריבען אין דער תורה דייטליך, און זינ-

גען נאָכ'ן חורבן בית המקדש, איז נאָר אַן איסור, וואָס די נביאים האָבען געמאַכט, איז דאָך נישט צו פאַרשטעהן, וואָס גיט די גמרא צו מיט דעם תירוץ, אַז ער האָט געזינדיגט אַן עבירה, וואָס די נביאים האָבען פאַרבאָטען, דעריבער האָט די תורה ניט באַשיצט אויף איהם, דוכט זיך, ער האָט געטהאָן פיעל גרעסערע הארבערע עבירות, און דאָך פרעגט די גמרא, אַז דער זכות פון דער תורה איז זעהר שטאַרק און עס דאַרף באַשיצען, איז דאָך דער ענטפער פון דער גמרא, לויטש ווי רש"י ערקלערט נישט צו פאַרשטעהן.

דעריבער איז מיין מיינונג, אַז די באַדייטונג פון „זמר של יווני לא פסק מפומיה" איז פאַלגענדער, אַז דאָס וואָרט „זמר" מיינט נישט דאָ געזאַנג, נאָר „לויב, אַזוי ווי מיר זאָגען: „זמירות יאמרו ותשבחות ישמיעו", וואָס דאָס איז די באַדייטונג, זיי זאָגען לויב. אַזוי דאָ מיינט די גמרא „זמר יווני לא פסק מפומיה", ער האָט שטענדיג געריהמט די גריכישע קולטור „ולא פסק מפומיה", ער האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט פון זיין מויל צו ריהמען די יוונית, ביי יעדער געלעגענהייט, וואָס איז איהם געקומען אונטער'ן האַנט, האָט ער אָנגעהויבען צו ריהמען די קולטור די גריכישע, אָבוואָהל עס איז נישטאָ קיין איסור צו לערנען די גריכישע חכמה פאַר דעם מענש וואָס איז אַ קרוב למלכות, אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא בבא קמא, דף פ"ג, און פיליייכט איז אַחר געווען

אַ קרוב למלכות, אָבער די גמרא רעדט נישט וועגען לערנען די גריכישע קולטור. דער חטא זיינער איז געווען וואָס ער האָט געריהמט די קולטור, מיט דעם האָט ער אויפגעוויזען, אַז ג־ט׳ס תורה שטעהט ביי איהם אויף אַ נידעריגער שטופע פון דער גריכישער קולטור, איז שוין דאָס געַנוג דער גמרא׳ס ענטפער אויפגעקלערט, פאַרוואָס די תורה האָט איהם נישט געשיצט, ווייל די תורה איז נישט געווען ביי איהם אויף דער געהעריגער הויך, ער האָט נישט געגלויבט, אַז די תורה איז די וויכטיגסטע חכמה פון אַלע חכמות אויף דער וועלט, דען די תורה איז געגעבען געוואָרען פון דעם לעבדיגען ג־ט.

**און די זאַך** איז פאַרשטענדליך. ווי האָט די תורה איהם געקענט שיצען אין דער צייט, ווען ער אַליין האָט נישט געגלויבט אין איהר גרויסקייט? עהנליך צו דער מיינונג געפינט זיך אין מסכת שבועות, דף י״ג, אין תוספות ד״ה דאי, וואָס דאָרט ווערט געזאָגט „דאיצטריך אך לחלק ביום מכפורים דאינו מכפר אפילו חזר בו מהעבירה, אלא מבעט בכפרה, שאינו רוצה שיום הכפורים יכפר״ (יום הכפורים איז נישט מכפר, אַפילו ווען ער האָט תשובה געטהאָן אויף דער עבירה, נאָר ער וויל נישט אָננעהמען די כפרה, ער וויל נישט, אַז יום כפור זאָל איהם מכפר זיין). און די רייד פון תוספות איז נאָך רבי׳ן, וועלכער האַלט, אַז יום כפור איז מכפר אפילו אָהן תשובה, אָבער אויב

ער וויל נישט די כפרה פון יום כפור, איז אפילו רבי מודה, אז יום כפור איז נישט מכפר. לויט ווי תוספות ערקלערט, אז מען האַלט נישט פון דער זאַך, איז די זאַך באַשיצט נישט, ער האַלט נישט פון יום כפור, איז יום כפור אויף איהם נישט מכפר. איז דאָס זעלבע דאָ, ביי אחר׳ן, ענטפערט די גמרא, אז די תורה האָט אויף אים נישט מגין געווען (האָט איהם נישט באַשיצט), וויבאַלד ער האָט געהאַלטען, אז די גריכישע קולטור שטעהט העכער ווי די תורה.

**עהנליך** צו מיין געדאַנק געפינט זיך אין „שערי תשובה" פון רבנו יונה, שער שלישי קמ"ח, וועלכער זאָגט אויף דעם פסוק אין משלי, פרק כ"ז פסוק כ"א: „מצרף לכסף וכור לזהב, ואיש לפי מהללו", אויף צו פּרובירען זילבער, איז דאָ אַזאַ זאַך וואָס לייטערט, דאָס גלייכען אַזאַ פרעס צו גאָלד, אָבער צו פּרובען אַ מענשען, ווי ער איז, זאָגט שלמה המלך: „ואיש לפי מהללו" (מען זעהט וועמען ער לויבט), איז אויב ער לויבט גוטע, גערעכטע מעשים, ער לויבט צדיקים, אַנשטענדיגע מענטשען, איז דאָס אַ סימן, אַז ער אַליין איז דער גערעכטער, פיינער מענש, און ווען ער לויבט שלעכטע מעשים און שלעכטע מענטשען, איז אַ סימן, אַז ער אַליין איז שלעכט און פאַרדאָרבען, וואָרום אַ מענטש דערקענט מען לויט דער זאַך, וואָס ער האַלט פון דעם. דערום איז זעהר פאַרשטענדליך, אז אחר האָט שטענדיג געלויבט די גריכישע קולטור,

איז דאָס אַ באַווייז, אַז ער האָט ליעב געהאַט די גרי־
כישע קולטור פיעל מעהר ווי די תורה, האָט די תורה
דעריבער נישט געקענט באַשיצען אויף איהם.

# דער עניו באריהמט זיך נישט

**אין דער משנה** סוטה דף מ״ט: „משמת רבי בטלה ענוה ויראת חטא״ (ווי רבי איז געשטאָרבען איז בטל געוואָרען ענוה און די מורא פאַר זינד). דאָרט אין דער גמרא ווערט געבראַכט: „אמר ליה רב יוסף לתנא, לא תיתני ענוה דאיכא אנא. אמר ליה רב נחמן לתנא, לא תיתני יראת חטא דאיכא אנא״. (רב יוסף האָט געזאָגט צום תנא, לערען נישט אין דער משנה „ענוה״, ווייל איך בין דאָך דאָ. רב נחמן האָט געזאָגט צו תנא, לערען נישט אין דער משנה „יראת חטא״, ווייל איך בין דאָך דאָ). אַלע פרעגען מיט וואונדער אויף רב יוסף'ן און רב נחמנ'ען, וואָס זיי האָבען אויף זיך אַליין געזאָגט אַזעלכע זאַכען, איבערהויפט איז דער וואונדער אויף רב יוסף'ן, וועלכער זאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער איז דער גרעסטער עניו. דוכט זיך, אַז עס קען שוין נישט זיין קיין גרעסערע גאוה פון דעם, ווען אַ מענש זאָגט אויף זיך אַליין, אַז ער איז דער גרעסטער עניו, דאָס איז גלייך, ווי מען דער צעהלט וועגען איינעם, וואָס האָט געזאָגט צו זיין חבר: ווי געפעלט דיר מיין עניוות?

**לויט מיין מיינונג,** דאַרף מען ערקלערען זיינע רייד אַזוי, אַז רב יוסף האָט געזאָגט: זאָלסט

נישט לערנען אין דער משנה „ענוה", ווייל דער מסדר פון דער משנה איז דאָך רבי, טאָ ווי אַזוי האָט דאָס געקענט זיין, אַז רבי זאָל זאָגען אויף זיך אַליין אַזעל־כעס. דאָס זאָגט רב יוסף לעהרען נישט אין דער משנה „ענוה", ווארום עס איז דאָך דאָ דער איך פון רבי'ן: „לא תיתי ענוה דאיכא אנא" (לעהרען נישט ענוה אין דער משנה, עס איז דאָך דאָ דער „איך"), טאָ ווי קען דאָס זיין אַ מענש זאָל אויף זיך זאָגען אַזעלכע ווערטער, אַז אַן עניו זאָגט אַזעלכע ווערטער אויף זיך האָט ער דאָך שוין נישט קיין ענוה אָבער אויף יראת חטא (מורא פאַר זינד) האָט רב יוסף זיך נישט געוואונדערט, ווי אַזוי קען אַ מענש אויף זיך זאָגען, ווייל מיר געפינען דאָס אַזעלכעס קען אַמענש אויף זיך זאָגען, אַזוי מיר געפינען אין מלכים א' י"ח, אַז עובדיה האָט געזאָגט צו אליהו'ן: „ועבדך ירא את ה' מנעורי" (דיין קנעכט האָט מורא פאַר ג־ט פון זיין יוגענד אָן).

**עס ווערט** געפרעגט אויף עובדיה'ן אין דער גמרא נדרים, דף ס"ב, עס שטעהט דאָך אין משלי כ"ז: „יהללוך זר ולא פיך" (זאָל דיך אַ פרעמדער ריהמען און נישט דיין אייגענע מויל) ווערט דאָרט פאַרענטפערט, אַז דאָס איז אַן אָרט וואו מען קען איהם טאָר מען זיך נישט ריהמען. דעריבער האָט רב יוסף זיך נישט געוואונדערט אויף דעם, וואָס עס איז געשריבען אין דער משנה „יראת חטא", אָבער רב

נחמן האָט געזאָגט צום תנא, אַז אויך דאָס זאָל ער נישט לערנען אין דער משנה, ווייל עס איז דאָ דער איך פון רבי'ן, דען דאָס איז אַן אוממעגליכע זאַך, אַז רבי הקדוש דער גרעסטער עניו זאָל זאָגען אויף זיך אַליין אפילו דאָס, אַז ער איז דער גרעסטער ירא חטא און בכלל, ווי האָט דאָס רבי געשריבען ביי זיין לעבען אַזעלכע ווערטער: „משמת רבי", נאָר געוויס זענען די ווערטער נישט געזאָגט געוואָרען פון רבי'ן.

# די קרוין פון א גוטען נאָמען שטייגט איבער זיי

**אין פרקי אבות** פרק ד׳: „רבי שמעון אומר, שלשה כתרים הם: כתר תורה, כתר כהונה, וכתר מלכות, וכתר שם טוב עולה על גביהם", (רבי שמעון זאָגט: דריי קרוינען זענען פאַרהאַן: די קרוין פון תורה, די קרוין פון כהונה און די קרוין פון מלכות, און די קרוין פון אַ גוטען נאָמען שטייגט איבער זיי). מע דאַרף פאַרשטעהן די פשטות פון דעם מאמר. אויך איז מערקווירדיג, וואָס ער הויבט אָן צו צעהלען דריי קרוינען און צום ענדע צעהלט ער פיער.

**מיין מיינונג** אין דעם איז, אַז דער „כתר שם טוב" איז נישט קיין באַזונדערער כתר, נאָר רבי שמעון איז אויסען געוועזן צו זאָגען, אַז עס זע־נען פאַרהאַן דריי קרוינען זיך צו באַנוצען מיט זיי: די קרוין פון תורה, פון כהונה און פון מלכות, אָבער דער וואָס באַנוצט זיך נישט מיט זיי, אָבוואָהל ער איז ראוי צו זיי, די דאָזיגע דריי קרוינען זענען נאָר אין דער אָנזיכט פון אַ שם טוב (אַ גוטען נאָמען) ביי איהם ער מוט נישט אָן די קרוינען, ער האָט זיי נאָר בלויז אין נאָמען. דאָס איז די העכסטע מעלה.

## די זינד איז די מעהרהייט

**אין תהלים** פרק כ"ה איז געשריבען: „למען שמך ה' וסלחת לעוני כי רב" (צוליב דיין נאמען ג־ט זאלסטו מוחל זיין מיין זינד דען ער איז גרוים). עס איז מערקווירדיג דער נוסח פון דער דאזיגער תפלה. דוד המלך עליו השלום וויל דאך אין זיין תפלה דער־וועקען ביי ג־ט רחמנות, אז ער זאל איהם מוחל זיין זיין זינד, האט ער דאך געדארפט מתפלל זיין מיט דעם נוסח: „וסלחת לעוני כי אינו רב כל כך", זיי מיר מוחל מיין זינד, ווייל ער איז נישט אזוי גרוים, און נישט צו באטאנען: „דען די זינד איז גרוים", ווארום דער שכל איז מחייב, אז וואס די זינד איז גרעסער, דארף איהם ג־ט נישט מוחל זיין.

**איז מיין מיינונג** אין דעם, אז דוד המלך מיט די ווערטער „כי רב הוא" (דאס די זינד איז פיעל) מיינט ער צו זאגען, אז ג־ט דארף נעמען אין אכט, אז די זינד איז אין דער וועלט די מעהרהייט, וואו מען געהט און וואו מען שטעהט איז פון די פאר־ברעכענעס פול, און דאס גוטס איז די מינדערהייט, אויף יעדען טריט און שריט שטויסען מיר זיך אן אויף דאס שלעכטס און נישט אויף דאס גוטס.

עהנליך צו דעם ווערט געבראַכט אין ירושלמי שקלים דף ב׳: „רבי יהודה בר פזי בשם רבי: הן נקרא ולא נבעת. לטובה כל נדיב לב, לרעה — ויתפרקו כל העם״. די באַדייטונג פון דעם איז פאָל־גענדע: ווי קענען מיר לייענען די דאָזיגע פסוקים און מיר זאָלען נישט אויפציטערען, ווען מיר זעהען, ווי גרויס דער כח פון דעם יצר הרע איז, אַז ווען עס האַנדעלט זיך וועגען גוטע זאַכען, וועגען נדבות פאַר׳ן משכן, איז דעמאָלט נאָר „כל נדיב לב״, האָבען גע־געבען נאָר די וואוילטהעטיגע די גוטע הערצער, און ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ שלעכטע זאַך, וועגען געבען פאַר׳ן עגל, איז דאַן „ויתפרקו כל העם״, האָט דאָס גאַנצע פאָלק געגעבען, אפילו די קאַרגע האָבען אויך געגעבען, ווייל דאָס שלעכטס איז מעהרהייט אויף דער וועלט, און דאָס גוטס איז די מינדערהייט.

## צו דען איז ג-טס-פאָרכטיגקייט פון די קליינע זאַכען ?

**ברכות** דף ל״ג: אויף דעם פסוק: „ועתה ישראל מה ד׳ אלקיך שואל ממך כי אם ליראה״ פרעגט דאָרט די גמרא: „אטו יראת שמים מילתא זוטרתא היא״, צי איז דען יראת שמים אַזאַ קליינע זאַך, וואָס די תורה זאָגט צו די אידען די ווערטער: יעצט וואָס פארלאַנגט אַזוי ג-ט פון אייך, דאָך נאָר מורא צו האָבען פאַר איהם, דאַכט זיך אַז עס איז נישט קיין קלייניגקייט צו זיין אַ ירא שמים? ענטפערט אויף דעם די גמרא: „אין לגבי משה מילתא זוטרתא היא״, ביי משה׳ן איז יראת שמים א קליינע זאך. איך האָב געזאָגט אויף דעם פאָלגענדעם:

**לויט דעם דרש** פון רבי עקיבא, וועלכער איז גע־קומען און געלעהערנט: „את ד׳ אלקיך תירא לרבות תלמידי חכמים״ (פסחים דף כ״ב און אין נאָך ערטער אין ש״ס). דאָס הייסט, אַז פון דעם איבעריגען וואָרט „את״ לערענט ער אַרויס, אַז פאַר תלמידי חכמים דאַרף מען אויך מורא האָבען. און לויט דעם וואָס עס ווערט געבראַכט אין חובת הלבבות שער אהבת ה׳ פרק ו׳, דאָס וואָס האָט דערצעהלט איי־

נער פון די חסידים וועגען איינעם א פרומען מאַן, וועל־כען מען האָט געטראָפען שלאָפענדיג אין דער מדבר, און מען האָט איהם געפרעגט: האָסטו נישט קיין מורא פאַר א לייב, וואָס דו שלאָפסט דאָ? האָט ער געענטפערט, איך שעם זיך פאַר ג־ט מורא צו האָבען פאַר אַן׳אַנדערען אויסער איהם. די באַדייטונג פון דעם ענטפער איז דאָס: אַז ווער עס האָט זיך מורא פאַר וועמען עס איז אויסער ג־ט, איז מיט דעם פאַרקלענערט ער די מורא פאַר ג־ט און זיין מורא איז שוין נישט קיין אמת׳ע. און מיט דעם איז פאַרשטענדליך די פראַגע פון דער גמרא אין ברכות: „אטו יראת שמים מילתא זוטרתא היא״, דאָס איז דאָך שווער אַפצוהיטען יראת שמים? אויב מען לערענעט אָפּ פון דער תורה אַז מען דאַרף מורא האָבען פאַר א תלמיד חכם איז דאָך שוין דאָ א מורא אויך אויסער די מורא פאַר ג־ט, אויב אַזוי איז דאָך שוין די מורא פאַר ג־ט ניט קיין גאַנ־צע, איז דאָך שוין נישט אַזוי גרינג ביי אַזעלכע באַ־דינגונגען מקיים צו זיין די מצוה פון יראת ה׳. ענטפערט אויף דעם די גמרא: „יאָ, פאַר משה׳ן איז עס א קליינינ־קייט״, ווייל לא קם בישראל כמשה, און ער איז דאָך דער רבי פון גאַנצען פאָלק ישראל, ממילא איז דאָך נישט געווען אַזאַ תלמיד חכם פאַר וועלכען משה רבנו זאָל דאַרפען מורא האָבען און עס איז איהם נאָר גע־בליבען די מורא פאַר ג־ט אַליין, איז דאָס דעריבער ביי איהם א קליינינגקייט.

# אַ רעגירער ביי אידען
# און אַ רעגירער ביי די פעלקער

**אין סדרה ראה** געפינט זיך דער פסוק: „ומשלת בגוים רבים ובך לא ימשלו", דאַרף מען פאַרשטעהן, צו וואָס האָט די תורה געשריבען מיט אַ דאָפּעלטען לשון „ובך לא ימשלו", עס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך, אויב עס וועט מקוים ווערען אין זיי די ברכה „ומשלת בגוים רבים", דאָס הייסט, אז דו וועסט רעגירען איבער פיעל פעלקער, איז עס דאָך אַ געוויסע זאַך, אז די פעלקער וועלען איבער אונז נישט רעגירען, טאָ צו וואָס דאַרף דער פסוק נאָך צולייגען די ווערטער „ובך לא ימשלו" (אז די פעלקער וועלען איבער דיר נישט רעגירען).

**אויף דעם** האָב איך געזאָגט פאָלגענדעס: אין דער זעלבער סדרה ביי די דינים פון אַן עבד עברי (אַ אידישער קנעכט) זאָגט די תורה מיט דעם לשון „כי טוב לי עמך", דרש'ענען די חז"ל אויף דעם אין מסכת קדושין דף כ' און דף כ"ב: „כי טוב לו עמך, עמך במאכל, עמך במשתה, שלא תהא אתה אוכל פת נקייה והוא אוכל פת קבר, אתה שותה יין ישן, והוא שותה יין חדש, אתה ישן על גבי מוכין והוא ישן

על גבי תבן, מכאן אמרו שכל הקונה עבד עברי כקונה אדון לעצמו". דאָס וואָס די תורה זאָגט: „כי טוב לו עמך", עס איז איהם גוט ביי דיר, דרש'ענען די חכמים, אַז דער קנעכט דאַרף זיין גלייך מיט'ן האַר אין עסען און אין טרינקען, און מיט יעדער זאַך. דער האַר זאָל נישט עסען אַ פיינערען סאָרט ברויט און דעם עבד געבען גראָבען ברויט, דער האַר זאָל נישט טרינקען אַלטען וויין, און דעם קנעכט זאָל ער געבען נייעם וויין, ער זאָל נישט שלאָפען אויף ווייכע בעט־געוואַנד און דער קנעכט אויף שטרוי. פון דעם זאָגט די גמרא, אַז דער וואָס קויפט אַ אידישען קנעכט, איז גלייך ווי ער וואָלט זיך געקויפט אַ האַר.

אויך געפינען מיר אין מסכת הוריות, דף י': דאָס רבי גמליאל האָט געזאָגט צו רבי אליעזר חסמא און צו ר' יוחנן בן גודגדא: „כמדומין אתם ששררה אני נותן לכם, עבדות אני נותן לכם שנאמר: „וידברו אליו לאמר, אם היום תהיה עבד לעם הזה" (רבי גמליאל האָט צו זיי געזאָגט, איהר מיינט אַז איך גיב אייך הערשאַפט, קנעכטשאַפט גיב איך אייך, ווי עס ווערט געזאָגט אין פסוק, אַז זיי האָבען צו איהם געזאָגט פאָלגענדעס: אויב היינט וועסטו זיין אַ קנעכט צו דעם פאָלק). אויך דער אידישער מלך איז אָנגע־זאָגט אין דער תורה „לבלתי רום לבבו מאחיו", ער זאָל זיך נישט האַלטען העכער איבער זיינע ברידער, זעהען מיר, אַז דער אידישער האַר איז אַ קנעכט צו זיין אידי־

שען קנעכט, און אין אַלגעמיין, אַז יעדער רעגירער ביי אידען, איז בלויז אַ קנעכט ביי די אידען, און ניט קיין הערשער.

**דעריבער**, ווען משה רבינו עליו השלום האָט זיי געזאָגט אינ'ם נאָמען פון ג-ט די ברכה „ומשלת בגוים רבים", דו וועסט זיין אַ מושל (אַ רעגירער) איבער פיעל פעלקער, האָבען זיי זיך דערשראָקען, ווייל לויט דער ברכה וועלען זיי דאָך דאַרפען באַדינען אַלע פעלקער, זיין ביי זיי אַ קנעכט, האָט זיי משה רבינו גלייך באַרוהיגט און האָט צו זיי געזאָגט: „ובך לא ימשלו", זיי וועלען איבער דיר נישט רעגירען, וואָרום איבער גוים, אַז מען איז אַ רעגירער, איז מען אַן אמת'ער רעגירער. דאָס איז נישט ווי ביי אידען, נאָר ביי זיי, אַז דו וועסט זיין דער מושל, וועלען זיי איבער דיר נישט געוועלטיגען.

## אַ שלעכטער שכן

**אין באר היטב**, יורה דעה, סימן א' סעיף קטן א' ברענגט ער אין נאָמען פון ספר היראה אַ וואָרנונג נישט צו געבען קיין קבלה אויף שחיטה צו אַ מענש, וועלכער איז נישט קיין ירא שמים (ג-ט'ספאָרכטיגער). פרעגען אַלע, וואָס האָט מען עפּעס געוואָרענט אויף יראת שמים ביי אַ שוחט, מעהר ווי

ביי אַלע, וועלכע פאַרנעהמען זיך מיט אַנדערע היי-
ליגע אַרבייט?

**דער אמת׳ער טעם** אויף דעם איז ווייל שחיטה
און איהרע דינים איז פון די זאַכען, וועלכע
זענען איבערגעגעבען צום הארץ, ווי צום ביישפּיעל די
דינים פון „שהייה", דאָס הייסט, אַז דאָס איבערשניי-
דען די האַלז פון דער בהמה, דאַרף פאַרקומען פאַר איין
מאָל נישט צו פאַרהאַלטען זיך אין מיטען אָפּצורוהען
אויף אַ סעקונדע און נאָך עהנליכער.

**נאָר איך האָב** געזאָגט אַ טעם על פּי דרך הצחות,
פאַרוואָס מען האָט אַזוי פיעל מקפּיד גע-
ווען ביי אַ שוחט, אַז ער זאָל אַ ירא שמים. עס ווערט
געבראַכט אין דער משנה קידושין דף פ"ב: „והכשר
שבטבחים שותפו של עמלק" — דער כשר׳סטער פון
די וועלכע באַשעפטיגען זיך מיט בהמות קוילענען
איז עמלק׳ס א שותף. און די תורה האָט געשריבען
ביי עמלק׳ן „ולא ירא אלקים" (ער האָט נישט מורא
געהאַט פאַר ג-ט). דעריבער דאַרף מען זעהן, גוט
אַכטונג געבען, אַז דער וואָס באַשעפטיגט זיך מיט
קוילענען בהמות זאָל זיין אַ ירא שמים, ער זאָל נישט
פאַרקוקען זיך אויף זיין שותף עמלק׳ן, וועלכער איז
א „ולא ירא אלקים", נישט קיין ג-טס-פאַרכטיגער.

## די גאַנצע צייט וואָס רבה איז געווען ראש ישיבה האָט רב יוסף געפילט גוט

**ביים סוף** פון מסכת ברכות, דף ס״ד: ווערט גע-בראַכט: „רב יוסף סיני ורבה עוקר הרים איצטרכא להו שעתא, שלחו להתם, סיני ועוקר הרים, איזה מהם קודם? שלחו להו סיני קודם, שהכל צריכים למרי חטיא, אף על פי כן לא קבל עליו רב יוסף, דאמרי ליה כלדאי: מלכת תרתין שנין. מלך רבה עשרין ותרתין שנין, מלך רב יוסף, תרתין שנין ופלגא. כל הנך שני דמלך רבה אפילו אומני לביתיה לא קרא״. (רב יוסף האָט זיך גערופען סיני, ווייל ער איז געווען אַ בקי, ער האָט געוואוסט אלעם אויפ׳ן קאָפּ קלאָר [דאָס מיינט דאָס וואָרט „סיני״, ער האָט געוואוסט די גאַנצע תורה, אזוי ווי פון בארג סיני]. און רבה האָט זיך גערופען עוקר הרים, דאָס מיינט ער האָט געהאַט אַ שאַרפען שכל, וועלכער האָט געקענט די גרעסטע ענינים און קשיות פונאַנדערייסען. ווען מען האָט געדאַרפט נעמען אַ ראש ישיבה, האָט מען זיך געשיקט אָנפרעגען אין די ישיבות, ווער עס שטעהט העכער, צו סיני, צו עוקר הרים? האָט מען געענטפערט סיני שטעהט העכער, ווייל יעטווידער דאַרף אָנקומען צו דעם וואָס ווייס אַ סאַך, פונדעסטוועגען האָט רב יוסף נישט גע-

וואָלט אָננעהעמען די שטעלע פון אַ ראש ישיבה, ווייל די טרעפערס האָבען איהם געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ ראש ישיבה צוויי יאָהר. איז רבה געווען ראש ישיבה צוויי און צוואַנציג יאָהר, נאָכהער איז רב יוסף געווען צוויי און אַ האַלב יאָהר. אין די אַלע יאָהרען וואָס רבה איז געווען ראש ישיבה האָט ער צו זיך אַפילו קיין בלוט-לאָזער נישט גערופען). ערקלערט רש״י, אַז די אַלע יאָהרען, וואָס רבה איז געווען ראש ישיבה האָט רב יוסף זיך נישט געפיהרט ווי אַ שררה, און ווען ער האָט געדאַרפט זיך בלוט לאָזען, איז ער געגאַנגען צום בלוט לאָזער און פלעגט נישט שיקען דאָס דער בלוט-לאָזער זאָל צו איהם קומען אין שטוב.

רש״י׳ם פירוש איז אַ ביסעל שווער, אויב די גמרא מיינט צו ווייזען, אַז רב יוסף האָט זיך נישט געפיהרט גרויס די אַלע יאָהרען, וואָס רבה איז געווען ראש ישיבה האָט דאָך בעסער די גמרא געקענט אָנווייזען, ווי ער האָט זיך געפיהרט אין דער ישיבה און פון דעם וואָלטען מיר שוין געקענט אורטיילען וועגען זיין אויפפיהרונג? און ווידער צו האָט מען שוין נישט געקענט געפינען ביי רב יוסף׳ן וויכטיגערע באַווייזען אויף זיין עניוות, און בכלל איז נישט צו פאַרשטעהן וואָס פאַר אַ שררות וואָלט דאָס געווען, ווען ער וואָלט גערופען דעם בלוט-לאָזער צו זיך אין שטוב?

לויט מיין מיינונג קען מען זאָגען, אַז די גמרא מיינט צו דערצעהלען, אַז רב יוסף האָט נישט גע-

וואָלט אָננעהמען די שטעלע פון אַ ראש ישיבה, ווייל די טרעפערס האָבען איהם פאָראויסגעזאָגט, אַז ער וועט נאָר הערשען צוויי יאָהר, האָט ער מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט ווערען אויפגענומען פאַר ראש ישיבה, וועט ער נישט לעבען מעהר ווי צוויי יאָהר, דערצעהלט אונז די גמרא, אַז נישט אומזיסט האָט ער מורא געהאַט, און אַז דער טרעפער האָט טאַקע נישט געהאַט קיין טעות, אַ באַווייז איז, אַז די גאַנצע צוויי און צוואַנציג יאָהר, וואָס ער איז נישט געווען קיין ראש ישיבה, איז ער געווען געזונד פאַלקאָם, אַז אפילו קיין אָדער־לאָזער האָט ער צו זיך נישט גערופען, ער זאָל איהם בלוט לאָזען, ווי עס ווערט געבראַכט אין מס׳ בבא בתרא דף נ״ח: „בראש כל מרעין אנא דם״, צו פיעל בלוט ברענגט מענשליכע קראַנקהייטען, צוליעב דעם דאַרף מען זיך צייטענווייז לאָזען בלוט אום זיך צו שיצען פון אַ קראַנקשאַפט. און ביי ר׳ יוסף׳ן האָבען זיך קיין שפורען פון קיין שום קראַנקשאַפט נישט גע־זעהן אין די אַלע יאָהרען, וואָס רבה איז געווען ראש ישיבה, האָט רב יוסף זיך נישט באַנוצט מיט קיין שום מיטלען אום זיך צו היטען פון אַ קרענק, ווייל ער איז געווען פולשטענדיג געזונד, נאָר ווען ער איז אויפגע־נומען געוואָרען אלס ראש ישיבה האָט ער שוין גענו־מען פילען שוואַך ער האָט שוין גערופען צו זיך אין הויז א בלוטלאָזער און ער האָט שוין לאנג נישט גע־לעבט, און ער איז געשטאָרבען צו דער באַשטימטער צייט, וואָס דער טרעפער האָט איהם פאָראויסגעזאָגט.

# דאָס לעבען לויט דער תורה

**פיעל פרעגען:** ווי וועט דער איד קענען לעבען לויט דער תורה אין ארץ ישראל אַלס איי־גענע לאַנד ביי היינטיגער צייט, וואָס עס איז נישטאָ דער טאָג, וואָס זאָל נישט ברענגען עפּעס אַ נייע ער־פינדונג, און אַזעלכע ערפינדונגען, וועלכע זענען נויט־ווענדיג אינ׳ם לעבען ווי צום ביישפּיעל: דאָס פאָהרען מיט׳ן באַהן, אָדער מיט׳ן אויטאָמאָביל באַנוגענען שוין נישט דעם מענש, און מען באַנוצט זיך שוין מיט׳ן אַע־ראָפּלאַן, וועלכער פליהט אין דער לופטען ווי אַ פויגעל, צי דען קענען מיר, ביי די היינטיגע לעבענסבאַ־דינגונגען, זיין אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט און זיך צו באַנוצען מיט אַן אייזעל אָדער קעמעל ווי אין די אַלטע צייטען? נאָך פיעל אַנדערע ערפינדונגען וועלכע האָבען געענדערט דעם גאַנג פון דעם לעבען, צי איז דאָס מעגליך, אַז מיר זאָלען זיך אַרומרינגלען מיט אַ כינעזישען מויער אום זיך אָפּצוזונדערען פון דער גאַנצער וועלט? און אויב אפילו מיר זאָלען שוין מיט דעם מסכים זיין, זענען מיר דאָך אויך אָפּהענגיג פון אַנדערע. עס איז דאָך קיין צווייפעל נישט, אַז מיר וועלען געצוואונגען זיין זיך צו באַנוצען אין אונזער לאַנד מיט די אַלע ערפינדונגען, וואָס קומען צו פון טאָג

צו טאָג. שטעלט זיך אַלזאָ די פראַגע, ווי וועלען מיר זיך באַנוצען מיט זיי אום שבת און יום טוב?

**אין דער עפּאָכע** פון די רעפאָרמען, לויט דעם לשון פון די רעפאָרמער, און לויט אונזער לשון

אין דער עפּאָכע פון . . . אין דייטשישען אידענטום האָט געזאָגט דער דר. רבי יום טוב ליפּמאַן צונץ: „נישט דאָס יודענטהום נויטיגט זיך אין אַן אויסבעסערונג, נאָר מיר אליין דאַרפען זיך אויסבערען". ווי עהנליך און ריכטיג דעם חכמ'ס רייד זענען, אַז נישט דאָס יו־דענטהום נויטיגט זיך אין אויסבעסערונג. עס איז נישט קאַליע געוואָרען, אַז מען זאָל איהם דאַרפען פאַרריכ־טען. און דאָס יודענטום שטערט נישט דאָס לעבען אויף קיין אָרט און אין קיין צייט. דער אנטיסעמיטי־שער צורר נ... וועלכער האָט געוואָרפען שמוץ יעדעס מאָל אויפ'ן תלמוד און אויף די בעלי התלמוד, אַז זייע־רע רייד זענען געזאָגט געוואָרען אָהן פאַרשטאַנד און ברענגט אַלס באַווייז אויף זיינע רייד, די רייד פון דער גמרא עירובין, דף י"ג: ביי דער מחלקה פון בית שמאי און בית הלל, אַז עס איז אַרויס אַ בת קול און האָט געזאָגט: „אלו ואלו דברי אלקים חיים", סיי די רייד פון בית שמאי און סיי די רייד פון בית הלל זענען די רייד פון לעבעדיגען ג־ט, און דער דין בלייבט ווי בית הלל. ערשטענס קריטיקירט ער, ווי קען דאָס זיין מעגליך, אַז ביידענס רייד זאָלען זיין אמת? און צווייטענס אויב ביידענס רייד זענען אמת, פאַרוואָס

בלייבט דער דין דוקא ווי בית הלל און נישט ווי די פון בית שמאי?

## די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה

**אויפצו-ווייזען** די אונוויסענהייט פון דעם צורר היהודים וועלען מיר ערקלערען די פונדא־מענטען פון אונזער הייליגער תורה און מיר וועלען זעהן, אז אונזער תורה איז א תורה פון אמת און לע־בען, און פארקערט פון די רייד פון דעם צורר אליין זעהען מיר דעם הויכען ווערטה פון אונזער תורה און פון די הייליגע בעלי התלמוד.

**מיר וועלען** פריהער ברענגען א מאמר חז"ל אין מסכת נידה, דף ע"ג: „תנא דבי אליהו, כל השונה הלכות בכל יום מובטח לו שהוא בן עולם הבא, שנאמר הליכות עולם לו, אל תיקרי הליכות אלא הלכות" (דער וואס לערענט הלכות אלע טאג איז ער זיכער, אז ער וועט האבען עולם הבא, ווי אין פסוק ווערט געזאגט: „הליכות עולם לו", זאלסט נישט ליי־ענען הליכות נאר הלכות").

**מיר האבען** א כלל, אז אומעטום, וואו די גמרא דרשנ'ט „אל תיקרי", דרשנ'ען מיר אויך דעם

כתיב, דאָס וואָס עס איז געשריבען דרשנ'ען מיר אויך. און מיט ג-ט'ס הילף וועלען מיר אויך ביי דעם מאמר ערקלערען דעם קרי מיט'ן כתיב. נאָר מיר וועלען פריהער ברענגען צוליעב אונזער ענין נאָך איינינע מאמרים.

**עס ווערט** געבראַכט אין ספר העיקרים פון רבי יוסף אלבו זצ"ל, מאמר ג' פרק כ"ג און דאָס איז זיין לשון: „פאַרוואָס איז נישט געגעבען געוואָרען די ערקלערונג פון דער תורה שריפטליך, ווייל שריפטליך קען מעגליך זיין, אַז עס זאָל אַריינפאַלען אַ צווייפעל, אַזוי ווי עס זענען אַריינגעפאַלען צווייפלען אין דער געשריבענער תורה, אַזוי ווי עס האָט געטראָפען מיט דער פאַרפאַסונג פון משניות, וועלכעס איז אַ ערקלערונג צו דער תורה שבכתב (חומש), וואָס עס איז אין איהם אַריינגעפאַלען צווייפעל און אונקלאַרקייט, ביז עס האָט זיך געניטיגט אין אַן אַנדער ערקלערונג, דאָס איז די פאַרפאַסונג פון דער גמרא, וואָס עס האָט געמאַכט רב אשי, און אויך צוליב דעם, ווייל עס איז נישט מעגליך, עס זאָל זיין גענוג אויף אַלע צייטען א. א. וו. דעריבער זענען געגעבען געוואָרען צו משה'ן אויף אויסענווייניג פאַראַלגעמיינערטע זאַכען, אַנגעוואונקען אין דער תורה אין קורצען, כדי די חכמים אין יעדען דור זאָלען קענען פון זיי אַרויסנעהמען די איינצעלהייטען, וועלכע ווערען באַנייט לויט די אינטערעסען פון דעם מענשען און אַזוי ווייטער. דעריבער איז געוואונשען, אַז די ענטשיידונג זאָל זיין איבערגע-

געבען צום פאַרשטאַנד פון די חכמים אַליין, ווייל די חכמה איז ג־ט׳ס אַ געשאַנק, דען ג־ט גיט די חכמה וויסען און פאַרשטאַנד און דערמיט איז ג־ט׳ס תורה גאַנץ אין יעדען דור און עס פעהלט אין איהר קיין זאַך נישט״.

**פון דעם** בעל העיקרים׳ס הייליגע רייד איז אונז פאַרשטענדליך די רייד פון תני דבי אליהו און די כוונה איז: „כל השונה הלכות בכל יום״ (ווער עס לערענט די דינים אַלע טאָג), ווייל די איינצעלהייטען באַנייען זיך לויט די אינטערעסען פון דעם מענש לויט די רייד פון בעל העיקרים, איז דעריבער די תורה שבעל פה (ש״ס און פוסקים) נישט געגעבען געוואָרען שריפטליך, צוליעב דעם ווייל עס איז נישט מעגליך געוועזען, אַז די געשריבענע תורה זאָל געניגענען פאַר אַלע צייטען און איינצעלהייטען, וועלכע ווערען באַנייט לויט די אינטערעסען פון דעם מענש. דעריבער זענען געגעבען געוואָרען צו משה׳ן מונדליך פאַראַלגעמיינערטע זאַכען, אָנגעוואונקען אין דער תורה אין קורצען, און די חכמים אין יעדען דור ענטשיידען, ווי אַזוי צו אורטיילען און דאָס וואָס זיי אַנטשיידען מיט זייער חכמה איז אויך ווי די תורה, ווייל זיי בויען זייער פונדאַמענט אויף די רייד פון דער תורה, און וואָס זייער חכמה לערענט איז דאָס אַ געשאַנק פון ג־ט, ווייל ג־ט גיט די חכמה און די חכמה איז אַלץ איינס ווי די תורה. אַזוי ווי עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא

אין אייניגע ערטער, אַז סברא (שכל) איז אַלץ איינס, ווי עס וואָלט געווען געשריבען אין דער תורה, אַז דאָס וואָס דער שכל ווייזט אין איז דאָס ווי תורה.

**אין מסכת** כתובות דף כ״ב ווערט געבראַכט: אמר רב אסי, מניין להפה שאסר הוא הפה שהתיר, שנאמר: „את בתי נתתי לאיש הזה״, לאיש אסרה, הזה — התירה. — רב אסי זאָגט, פון וואנען ווייסען מיר, אַז די זעלבע מויל, וואָס אסר׳ט, קען מתיר מאַכען? פון דעם פסוק „את בתי נתתי לאיש הזה״, מיין טאָכטער האָב איך געגעבען צו דעם דאָזיגען מענש, מיט דעם וואָס ער זאָגט לאיש, איך האָב זי געגעבען צו אַ מענשען, האָט ער זי געאסרט פאַר אַלע־מען, ס׳איז געוואָרען אַן אשת איש, און מיט׳ן „הזה״ (דעם דאָזיגען) האָט ער זי מתיר געווען צו דעם איי־נעם, וואָס ער ווייזט אַן אויף איהם מיט׳ן „הזה״. פרעג אויף דעם די גמרא: „למה לי קרא, סברא היא, הוא אסרה והוא שרי לה״?, צו וואָס דאַרף איך אַ פסוק אויף דעם, עס איז דאָך אַ סברא? ער האָט זי געאַסר׳ט און ער האָט זי מותר געמאַכט?

**און** אין מסכת בבא קמא, דף מ״ו אין דעם ענין פון המוציא מחברו עליו הראיה״ (דער וואָס מאָנט ביים צווייטען, דאַרף ער ברענגען עדות צו באַ־שטעטיגען זיינע רייד): „מתקיף לה רב אשי, הא למה לי קרא? הא סברא היא? דכאיב ליה כאיבא, אזיל

לבי אסיא?" (פרעגט רב אשי: צו וואָס דאַרפען מיר אויף דעם אַ פסוק, עס איז דאָך אַ סברא (אַ שכל), אַז דעם וואָס טהוט וועה, דער געהט צום דאָקטאָר). איז דאָך אַ באַווייז פון די דערמאָנטע גמרות, אַז אין דין רעכענט מען זיך מיט'ן שכל אלץ איינס, ווי עס וואָלט געווען געשריבען אין דער תורה, וואָרום באלד עס איז נישט אַלץ איינס, טאָ וואָס פרעגט די גמרא, צו וואָס דאַרף מען אויף דעם אַ פסוק, עס איז דאָך אַ שכל? מען דאַרף דאָך דעם פסוק, כדי דאָס זאָל זיין אַ דין פון דער תורה, היינט, אַז די גמרא פרעגט יאָ, ווייזט אוים, אַז שכל איז אַלץ איינס ווי געשריבען אין דער תורה.

אויך קען מען אויפווייזען, אַז אַ סברא איז נאָך שטאַר-קער ווי אַ קל וחומר. וואָרום ביי אַ קל וחומר געפינען מיר אין גמרא קידושין דף ד' און אין גמרא פסחים דף י"ח און אין נאָך ערטער: „מלתא דאתיא בקל וחומר טרח וכתב לה קרא" (אַז אַזאַך, וועלכע מען קען אָפלערנען פון אַ קל וחומר האָט מען זיך באַמיהט און געשריבען אַ פסוק אויך), זעהען מיר דאָך אַז ביי אַ קל וחומר פאַרענטפערט די גמרא די פראַגע, צו וואָס מען דאַרף דעם פסוק, מען קען דאָך דאָס וויסען פון אַ קל וחומר, אַז מען קען טאַקע אויס-לערנען פון קל וחומר, נאָר דאָך האָט די תורה געפונען פאַר נויטיג זיך צו באַמיהען און שרייבען אויף דעם אַ פסוק אויך, און ביי אַ סברא, ווען די גמרא פרעגט,

צו וואָס דאַרף מען דעם פּסוק, מיר קענען דאָך דאָס ווי־סען פון אַ סברא, ענטפערט מען נישט, אַז מען דאַרף זיך מיהען און שרייבען אַ פּסוק אויך, איז דאָך פון דעם אַ באַווייז, אַז צו אַ סברא דאַרף מען קיין שטיצע נישט פון פּסוק.

**די גמרות,** וועלכע איך האָב געבראַכט איז אַ באַ־שטעטיגונג אויף די רייד פון דעם בעל און דאָס וואָס עס ווייזט אויס פון די רייד פון תוספות העיקרים, אַז דער שכל פון די חכמים איז ווי די תורה. מסכת ברכות דף ל״ה אויף דער גמרא דאָרט, וואָס די גמרא זאָגט: אלא סברא הוא אסור לאדם שיהנה מן העולם הזה בלא ברכה (נאָר עס איז אַ סברה (אַ שכל), אַז עס איז פאַרבאָטען אַ מענשען צו געניסען פון דער וועלט אָהן אַ ברכה). און דאָרט אין תוספות „אלא סברא״ ווערט געזאָגט: „וקרא דנסיב לעיל אסמכתא בעלמא״ (און דער פּסוק, וועלכען ער ברענגט אויבען איז נישט מעהר ווי אַ אונטערשטיצונג), ווייזט דאָך אויס פון די רייד פון דעם תוספות מיט זייערע רייד, אַז עס איז זיי שווער געווען דאָס, וואָס די גמרא ענט־פערט, אַז דאָס איז אַ סברא. באַלד אַז מיר וועלען זאָגען, אַז וואָס פריהער האָט די גמרא געוואָלט אויפ־ווייזען פון פּסוק, אַז מען דאַרף אַ ברכה מאַכען, ווען מען געניסט מיינט די גמרא טאַקע ריכטיג אַרויסצולער־נען פון פּסוק, דאָס הייסט, אַז דאָס איז פון דער תורה, אַז מען דאַרף מאַכען א ברכה, ווען מען האָט עפּעס

הנאה, אויב אזוי טאָ וואָס איז זייער תירוץ, אַז מען לערענט דאָס אַרויס פון אַ סברא, טאָ פון אַ סברא איז דאָך אָבער נישט ווי עס וואָלט געווען געשריבען אין דער תורה, דערום מוז מען זאָגען, אַז דאָס וואָס די גמרא האָט פריהער געוואָלט דאָס אַרויסלערנען פון פסוק, האָט מען נישט געמיינט טאַקע אַ ריכטיגען אָפּ־לערנען, נאָר אַן אונטער שטיצונג.

**אַלזאָ** איז דאָך צו זעהן פון תוספות, אַז סברא איז מער נישט ווי אַ דין וואָס די רבנן האָבען דאָס פאַראָרדענט און נישט ווי געשריבען אין דער תורה, וועט דאָך דער תוספות זיין צו מיינע אויפווייזונ־גען פון די גמרות אַ ווידערשפּרוך. נאָך פיעל זוכען, האָב איך געפונען, אַז די קשיא פרעגט דער פני יהושע און פאַרענטפערט לויט זיין שטייגער.

**נאָך מיין מיינונג** וואָלט מען געקענט זאָגען וועגען דעם לויט די רייד פון דעם תוספות אין מסכת שבועות דף כ״ב אין תוספות „איבעית אימא״, וועלכעס עס ווערט דאָרט געפרעגט, פאַרוואָס אין פיעל ערטער ווערט געבראַכט אין דער גמרא אַזוי ווי דאָ: „איבעית אימא סברא, איבעית אימא קרא״ (אַז דו ווילסט, קען איך זאָגען, אַז עס איז אַ סברא און אַז דו ווילסט איז דאָס אַ פסוק), און אין אַנדערע ערטער פרעגט די גמרא: „למה לי קרא, סברא היא״ (וואָס דאַרף איך אַ פסוק, ס׳איז דאָך אַ סברא). תוספות

פאַרענטפערט, אַז מער קען אָפּטיילען, ווייל עס זע־
נען פאַרהאַן זאַכען, וואָס די סברא איז נישט אַזוי
קלאָר איינפאַך, איז ביי די סברות פרעגט נישט די
גמרא „למה לי קרא״ (צו וואָס דאַרף איך דעם פסוק),
נאָר די גמרא זאָגט, אַז דו ווילסט איז עס אַ סברא,
נאָר די סברא איז דאָך נישט אַזוי איינפאַך קלאָר, איז
אַז דו ווילסט איז דאָ אויף דעם א פסוק אויך. און
עס זענען דאָ סברות, וואָס זיי זענען פשוט איינפאַך, זיך
נישט צו דינגען איבער זיי, איז אויף די סברות זאָגט
די גמרא „למה לי קרא, הא סברא היא״? צו וואָס
דאַרף מען דעם פסוק, עס איז דאָך אַ סברא.

**לויט דעם** קענען מיר זאָגען, אַז די סברא — אַז עס
איז פאַרבאָטען דעם מענשען צו געניסען
פון דער וועלט אָהן אַ ברכה איז נישט אַזוי איינפאַך.
דעריבער זאָגט תוספות, אַז עס איז מדרבנן.

**נאָך** שיינט מיר אָפּצוטיילען, אַז ווען זאָגען מיר, אַז
אַ סברא איז מן התורה, דוקא דאָרט, וואו
די סברא נויט אונז, אַז מען מוז איהר נוצען, צום ביי־
שפּיעל, ווען צוויי בעלי דברים קומען פאַר׳ן געריכט,
איינער מאָנט ביים צווייטען געלד, דער צווייטער לייג־
קענט, ער זאָגט, אַז ער קומט נישט קיין געלד און
קיין עדות זענען נישטאָ, וואָס קען אין אַזאַ פאַל דאָס
געריכט טהאָן? עס איז פאַרשטענדליך, אַז מען מוז
נוצען די סברא (שכל) און מען זאָגט צו דעם, וואָס
מאָנט, אַז דעם וואָס טהוט וועה געהט צום דאָקטאָר,

דו ווילסט נעמען געלד בריינג עדות. אָבער אין דעם ענין פון ברכות וועלען מיר דאָך מיט דער סברא שאַפען אַ נייעם דין. דעריבער איז די דאָזיגע סברא נישט מן התורה. וואָרום אויב מען זאָל זיך באַנוצען מיט סברות און שאַפען נייע דינים איז דאָך עס אָהן אַ ברעג און אָהן אַ סוף.

לויט דעם קומט אויס, אַז אויב מיר וועלען אַרויסגעהן אין דרויסען און די לופט איז זעהר אַ גוּטע, וועלען מיר זיך באַנוצען מיט אַ סברא און מיר וועלען מאַכען אַ ברכה אויף דער לופט, ווייל די לופט אויב זי איז זעהר אַ גינסטיגע, איז דאָך עס אויך הנאה פון עולם הזה. אויב מיר וועלען זיך באַנוצען מיט סברות אויפצוטהאָן נייעס, דאַן ווער ווייס וואָס פאַר אַ נייעם מיר קענען אַלץ אויפטהאָן. דעריבער ביי אַזעלכע סברות האַלט תוספות, אַז זיי זענען נישט ווי געשריבען אין דער תורה.

לאָמיר זיך אומקערען צו אונזער ענין. צוליעב דעם וואָס די איינצעלהייטען ווערען באַנייט לויט די אינטערעסען פון די מענשען, זענען די הלכות (געזעצען) און די הליכות (אָרדנונגען) פון דער וועלט געבונדען איינס מיט די צווייטע. דערמיט ווערט אונז ערקלערט ווערען דער מאמר „ושונה הלכות בכל יום" (און ער לערענט די דינים אַלע טאָג), דאָס מיינט צו זאָגען, אַז דער לערנער זאָגט נישט, ווי אַזוי קען שטי־

מען די הלכה (געזעץ), וועלכע איז געזאָגט געוואָרען מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק, אַז מיר זאָלען זיך באַנוצען מיט איהר היינט, נאָר ער זאָגט, אַז די זעלבע הלכות (געזעצען) זענען גילטיג יעדען טאָג און ביי יעדער צייט, די הלכות פון דער תורה זענען נישט געזאָגט געוואָרען נאָר פאַר זייער צייט, נאָר זענען געגעבען געוואָרען אויף דור דורות, אויף שטענדיגע אייביגקייטען. אלס ביישפיעל, אין דער צייט, ווען עס איז געזאָגט געוואָרען די הלכה פון שבת, זענען נאָך די נייע ערפינדונגען נישט געווען, ווי צום ביישפיעל די באַנען (טריינען) און נאָך אַזעלכע ערפינדונגען. פונדעסטוועגען ווייסען מיר צו פסקנ'ען ביי זיי מיט אַלע זייערע איינצעלהייטען, ווייל די הלכה איז דער שורש (וואָרצעל) און פון איהר צושפרייטען זיך צווייגען און מען גלייכט צו אַ זאַך צו אַ זאַך.

**די חכמים** שטעלען זיך פאָר, וואָס פאַר אַ בליק וואָלטען געהאַט די חכמים, די ערקלערער פון דער תורה אויף די היינטיגע נייע ערפינדונגען, ווען זיי וואָלטען געווען אין דער צייט, ווען די הלכות זענען געגרינדעט געוואָרען, און ער פאַסט צו די הליכות עולם (די וועלט ארדענונגען) צו די הלכות (געזעצען). ער מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישען די הליכות עולם און צווישען די הלכות, נאָר ער בינדט זיי צוזאַמען און זאָגט, אַז די געזעצען פון דער תורה שטימען מיט'ן לעבען און מען קען לעבען לויט די געזעצען פון

דער תורה אין יעדער צייט און אונטער אלע נייע לע־בנס־באַדינגונגען, וועלכע ווערען באַנייט יעדען טאָג מיט נייע ערפינדונגען. דעם לערנער איז „מובטח לו שהוא בן עולם הבא", דעם דאָזיגען לערנער איז פאַר־זיכערט, אַז ער איז אַ בן עולם הבא, ער איז נישט נאָר אַ זוהן פון אַ געגענוועדטיגער וועלט, אַ פאַרגאַנגענער וועלט, נאָר אַ זוהן פון אַן אייביגער וועלט.

## די געזעצען פון דער תורה טיילען זיך אויף מדרגות

אונזער תורה איז אַ לעבענס־תורה, זי גיט לעבען צו די, וועלכע היטען איהר און זי שטערט ניט דאָס לעבען פון איהרע היטער. אונזערע חז"ל האָבען געזאָגט אין מסכת יומא דף פ"ה: „פקוח נפש דוחה שבת", דכתיב: „וחי בהם ולא שימות בהם" ווען עס האַנדלט זיך אין אויפהאַלטען אַ מענשענס לעבען ווערט דער שבת באַזייטיגט, ווייל די תורה זאָגט: „וחי בהם" די געזעצען פון דער תורה זענען געגעבען געוואָרען, מען זאָל לעבען דורך זיי, „ולא שימות בהם" און נישט מען זאָל שטאַרבען דורך זיי. די אַלע געזעצען פון דער תורה זענען געבויט אויף דעם פונדאַמענט פון דעם לעבען.

**די תורה** טיילט זיך מיט איהרע געזעצען אויף פאַר-שידענע מדרגות. עס זענען פאַראַן פיעל געזעצען, וועלכע שטעהען אויף אַ הויכער מדרגה, אָבער צוליב'ן לעבען ווערען זיי אונגילטיג. דאָס הייסט דאָס לעבען שטייגט זיי איבער און מאַכט דאַן די הלכה פאַר נישט גילטיג, ווי פקוח נפש (לעבענס ער-האַלטונג), וועלכעס באַזייטיגט דעם שבת און פאַר-שטעהט זיך, אַז גרינגערע געזעצען, ווי שבת, ווערען געווים אונגילטיג, ווען מען דאַרף ראַטעווען אַ מענ-שען פון טויט.

**דער רמב"ם** הלכות יסודי התורה, פרק ה' הלכה א' שרייבט: אויב מען צווינגט אַ אידען, ער זאָל טהאָן אַן עבירה, וועלכע איז אין דער תורה פאַר-באָטען, און אויב ער וועט נישט טאָן די עבירה, וועט איהם דער צווינגער הרג'ענען, זאָל ער טהאָן די עבירה און נישט גע'הרג'עט ווערען, ווייל די תורה זאָגט: „אשר יעשה אותם האדם וחי בהם", מען דאַרף טהאָן די געזעצען פון דער תורה און לעבען, אָבער נישט ער זאָל דורך דעם שטאַרבען, און אויב ער האָט זיך גע-לאָזט הרג'ענען, כדי נישט צו טהאָן די עבירה, איז ער שולדיג אין זיין לעבען.

**דעם רמב"ם'ס** מיינונג איז, אַז דעם מענשענס לע-בען איז זעהר טייער ביי ג-ט און דער געזעץ ווערט באַזייטיגט צוליב'ן לעבען, ווייל דאָס לע-

בען שטעהט אויף א העכערר מדרגה פון דעם געזעץ.
(מאנכע פון די ראשונים (די פריהערדיגע) זענען נישט איינשטימיג אין דעם מיט'ן רמב"ם. זיי זאגען, אז דער מענש וויל זיך לאזען הרג'ענען און נישט טהאן די עבירה, מעג ער).

**מיר געפינען** אויך אין מסכת שבת, דף י"ט, אז א מלחמת מצוה באזייטיגט דעם שבת, לויט דעם דרש פון שמאי: עד רדתה, אפילו בשבת, דאס הייסט, זאלסט באזיגען איהר אפילו אום שבת. אין כסף משנה אויפ'ן רמב"ם הלכות שבת, פרק ב' הלכה כ"ה ברענגט ער די רייד פון ירושלמי, אז א פרייווי־ליגע מלחמה דארף מען אנהויבען דריי טעג פאר שבת און ווען עס קומט שבת איז מען נישט מפסיק, אבער א מלחמת מצוה הויבט מען אן אפילו אום שבת. אויך זענען פארהאן פיעל געזעצען און דינים, וועלכע בלייבען שטעהן אויף זייער הויכער מדרגה אפילו ביי א גרויסען פארלוסט. און עס זענען דא ווידער אזעל־כע דינים, וואס מען פארגרינגערט ביי זיי א ביסעל, כדי דער דין זאל אויסהאלטען אין לעבען, און צוליעב דעם טעם ווערט דער דין נישט אויסגעפיהרט מיט זיין גאנצער שטרענגקייט. למשל, ווי עס ווערט גע־בראכט אין מסכת גיטין דף נ"ה: „גזל מריש ובנאו בבירה, בית שמאי אומרים, מקעקע כל הבירה כולה ומחזיר מריש לבעליו, ובית הלל אומרים, אין לו אלא דמי מריש בלבד משום תקנת השבים" (אז איינער האט

געגזל׳ט א באַלקען און האָט איהם אַריינגעבויט אין זיינעם א בנין, זאָגען די בית שמאי, מען זאָל צעוואַרפען דעם גאַנצען בנין און צוריקגעבען דעם באַלקען צו זיין אייגענטימער, דאַגעגען די בית הלל זאָגען, אַז ער דאַרף נאָר אומקערען געלד פאַר׳ן באַלקען צוליעב דער תקנה, מען זאָל אַוועקגעבען, וואָרום אויב מען וועט איהם נויטען דוקא צו וואַרפען דעם בנין, כדי אַרויסצונעמען דעם באַלקען און אַוועקגעבען אים דעם בעל־הבית, וועט דער גזלן זיך פאַרמיידען פון תשובה טהאָן. אָבוואָהל עס שטעהט אין דער תורה „והשיב את הגזלה״, וואָס דאָס באַדייט, אַז ער מוז אומקערען די גזלה, ווי ער האָט איהר גענומען, דאָס הייסט, אַז ער מוז אומקערען דעם זעלבען באַלקען, אָבער צוליעב דער תקנה, אַז עס זאָל זיך ווילען אַוועקגעבען די גזלה, כדי דער דין זאָל בלייבען עקזיסטירען אין לעבען, האָט מען גרינגער געמאַכט, אַז ער קען אַוועקגעבען געלד פאַר׳ן באַלקען און זאָל נישט דאַרפען צעוואַרפען דעם גאַנצען בנין, וואָרום ווען מען וועט אָנווענדען דעם דין מיט זיין גאַנצער שטרענגקייט, וועט דער דין אינגאַנצען בטל ווערען. דעריבער איז בעסער צו פאַרגרינגערען א ביסעל דעם דין, איידער ער זאָל אינגאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען.

אָבער בית שמאי׳ס סיסטעם איז נישט אַזוי, נאָר זייער מיינונג איז, אַז דער דין מוז אַדורכגעפיהרט ווערען מיט זיין גאַנצער שטרענגקייט, אָהן שום קאָמ־

פראַמיסען און אויסבעסערונגען. דעריבער אויב ער וויל מקיים זיין דעם „והשיב את הגזלה אשר גזל" — דאַרף ער צעוואַרפען דעם גאַנצען בנין און אומקערען דעם באַלקען צו זיין אייגענטימער. פיליכט איז דאָס אויסען געווען שמאי מיט זיין מאמר אין פרקי אבות, פרק א' משנה ט"ו, וואו ער זאָגט: „עשה תורתך קבע", דאָס הייסט, אַז די תורה איז שטאַנדהאַפטיג, נישט אָפּצוטרעטען פון דין און פון דעם איינפאַכען זין פון דער תורה. אָבער בית הלל'ס סיסטעם איז אַנדערש. זיי האַלטען, אַז אויב עס דראָהט אַ געפאַהר, אַז צוליעב'ן לעבען זאָל דער דין אינגאַנצען אָבגעשאַפט ווערען, דאַן מאַכט מען דעם דין ווייכער און מען בעסערט איהם אויס, כדי ער זאָל אינגאַנצען נישט אָפּגעשאַפט ווערען.

אַזוי איז אויך מיט'ן דין פון שמיטת כספים (אויב איינער אַנטלייט דעם אַנדערען געלד און עס קומט אָן דער יאָהר פון שמטה טאָר ער אים שוין ניט מאָנען דעם חוב), האָט הלל געזעהען, אַז דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט צו לייהען געלד איינער דעם צווייטען, און איז עובר אויף דעם וואָס עס שטעהט אין דער תורה: „השמר לך פן יהיה עם לבבך דבר בליעל" (זאָלסט זיך היטען עס זאָל נישט זיין קיין ני־דערטרעכטיגעס אין דיין האַרץ), האָט ער מתקן געווען דעם „פרוזבול". און דער גאון מוהר"ם האָט מתקן געווען דעם „היתר עיסקא", ווען ער האָט געזעהן, אַז

עס איז נישט מעגליך אַ פאַלק, וואָס די הויפּט קוועלע פון זיין פרנסה איז דער האַנדעל, זאָל קענען זיין אָפּגעהיט אין דעם דין פון רבית (פּראָצענט) מיט דער גאַנצער שטרענגקייט.

**די הויפּט-זאַך** איז, אַז אונזער תורה איז נישט קיין טרוקענע בוכשטאַבען אָהן לעבען. יעדער בוכשטאַב פון אונזער תורה ענטהאַלט אין זיך לעבהאַפטיגקייט, אַזוי ווי די רייד פון בעל העיקרים, ווייל די איינצעלהייטען באַנייען זיך לויט די אינטערעסען פון דעם מענש. דעריבער איז ווינשענסווערט, אַז די ענטשיידונג זאָל זיין איבערגעגעבען צו די חכמים אַליין. אָבער דאָס דאַרפען מיר ווּיסען, אַז די חכמים וועלען נישט אָפּשאַפען חס ושלום אַ דין פון דער תורה צוליעב די באַנייטע ענינים, נאָר זיי ווּעלען זוכען עצות און מיטלען, אַז דער ענין און די הלכה זאָלען נישט זיין געגען איינער דעם אַנדערען. למשל, די תקנה פון פּרוזבול — דער פּרוזבול מאַכט ווי דער חוב איז שוין איינעמאָנט און איז איבערגעגעבען אין די הענט פון בית דין, וואָס ער זאָגט: „מוסרני לפניכם פלוני ופלוני הדיינים" (איך גיב איבער צו אייך דיינים און אַזוי ווייטער). אַזוי געפינען מיר תיקונים און ענינים דרבנן, וואָס זיי האָבען פאַרביטען די תקנה פיעל מאָל אין פאַרשיעדענע געשטאַלטען צוליעב באַוואוסטע סיבות.

**אין מסכת שבת,** דף מ׳ ווערט געבראַכט: „צום ערשטען פלעגט מען זיך וואַשען שבת מיט וואַרעמע וואַסער, וועלכעס איז אָנגעוואַרעמט געוואָרען ערב שבת, האָבען זיי אָנגעהויבען צו וואַרעמען אום שבת און פלעגען זאָגען, אַז עס איז אָנגעוואַרעמט פון ערב שבת, האָבען זיי גע׳אסר׳ט דאָס וואַשען זיך אין וואַרעם וואַסער, און האָבען ערלויבט דאָס שוויצען. פלעגען זיי זיך וואַשען מיט וואַרעם וואַסער און זיי פלעגען זאָגען, אַז זיי שוויצען נאָר, האָט מען גע־אסר׳ט אויך דאָס שוויצען און האָבען ערלויבט די „חמי טבריה״, דאָס וואַסער פון די וואַרעמע קוואַלען פון דער שטאָדט טבריה, האָט מען ווידער זיך געוואַשען מיט וואַסער, וועלכע מען האָט אָנגעוואַרעמט אויפ׳ן פייער, און האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז חמי טבריה, האָט מען גע׳אסר׳ט די חמי טבריה, און ערלויבט זיך צו וואַשען נאָר מיט קאַלט וואַסער, האָט מען געזעהן, אַז עס קען נישט אויסגעהאַלטען ווערען, האָט מען ער־לויבט חמי טבריה, און דער איסור פון שוויצען איז געבליבען״.

**פון דעם** זעהען מיר, ווי ביי איין זאַך האָבען זיי גע־ביטען אַלע מאָל די תקנות — טיילמאָל האָבען זיי גע׳אסר׳ט, טיילמאָל האָבען זיי מתיר גע־ווען און דערנאָך ווידער גע׳אסר׳ט. — אַזוי איז דער כלל, אַז די ענטשיידונג איז איבערגעגעבען צו די חכמים.

**דאָס** וואָס מיר האָבען געזאָגט, אַז דאָס לעבען שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה פון דער תורה, איז דאָס גילטיג ביי אַלע געזעצען פון דער תורה, אויסער דריי געזעצען, וועלכע שטעהען אויף אַ העכערער מדרגה פון דאָס לעבען, דאָס זענען: עבודה זרה, גלוי עריות און שפיכות דמים. אויף די דריי זאַכען, אַז מען צווינגט עובר צו זיין, און וויבאַלד מען וועט נישט עובר זיין, וועט מען גע'הרג'עט ווערען, מוז מען זיך לאָזען הרג'ענען און נישט עובר זיין אויף איינע פון די דריי זאַכען. און די זאַך איז פאַרשטענדליך, ווייל ביי די דריי זאַכען, ווען מיר וועלען פאַרלייכטערען, וועט די גאַנצע מענשליכע געזעצען פאַרניכטעט ווערען און מען קען זיי נישט פאַרגלייכען מיט די איבעריגע דינים פון דער תורה.

## די דינים פון דער תורה וועלכע זענען באַגרינדעט אויף מאָראַל

**די חכמי התורה** האָבען זיך פאַרטיפט אין אונזער תורה און האָבען איינגעזעהן, אַז די דינים פון דער תורה, אויסער דעם וואָס זיי אַנטהאַלטען אין זיך דעם דין און דעם משפט, אַנטהאַלטען זיי נאָך אין זיך אויך מאָראַליטעט. למשל, די תורה האָט באַ-

שטראָפט דעם גנב, ער זאָל באַצאָהלען טאָפּעלט, ווי־
פיעל די גע׳גנב׳עטע זאַך באַטרעפט און דעם גזלן
(וואָס ער נעמט ביי יענעם מיט געוואַלד) האָט די תורה
נישט באַשטראָפט מיט דעם שטראָף, ווייל די תורה
איז אַריינגעדרונגען אין זייער נשמה און האָט געפונען,
אַז דער גנב איז ערגער און פאַרדאָרבענער פון׳ם גזלן.

**אין מסכת** בבא קמא, דף ע״ט, מאָטיווירט עם רבי
יוחנן בן זכאי דערמיט, וואָס דער גזלן
פאַרגלייכט אַמווייניגסטען דעם כבוד פון׳ם קנעכט
צום כבוד פון זיין האַר, דאָס הייסט, דער גזלן האָט ניט
קיין מורא פאַר מענשען, אַזוי ווי ער האָט נישט קיין
מורא פאַר׳ן אויבערשטען, אָבער דער גנב האָט מורא
פאַר׳ן מענשען און פאַר׳ן אויבערשטען האָט ער קיין
מורא נישט.

**און אַזוי** איז אויך ביי דעם דין, אויב דער גנב האָט
געקוילעט אָדער ער האָט פאַרקויפט די
בהמה, וועלכע ער האָט גע׳גנב׳עט, איז ביי אַ גנבה
פון אַן אָקס דאַרף דער גנב באַצאָהלען פינף אָקסען,
און פאַר אַ שעפּס באַצאָהלט ער נאָר פיער שעפּסען. אָב־
וואָהל די טעטיגקייט פון דעם גנב איז דאָך בייביידע
גלייך, דאָך אונטערשיידען זיי זיך מיט זייער שטראָף
צוליעב אַ קליינע אָנערקענונג צו גונסטען פון גנב. רבי
יוחנן בן זכאי מאָטיווירט עס דערמיט, ווייל ביי אַ
שעפּס האָט דער גנב זיך ערנידעריגט דערמיט, וואָס

ער האָט איהם געטראָגען אויף די פּלייצעס, דעריבער האָט איהם די תורה פאַרגרינגערט די שטראָף. און רבי מאיר מאָטיווירט דאָס, ווייל דעם אָקס האָט ער גע־שטערט אין זיין אַרבייט און אַ שעפּס האָט ער נישט געשטערט אין זיין אַרבייט.

**צייטענווייז** ווענדעט זיך די תורה צו די געפיהלען פון דעם מענשענס האַרץ און לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם געזעץ. למשל, אין סדרה משפטים כ״ב וואָרנט אונז די תורה: „אם חבל תחבל שלמת רעך עד בא השמש תשיבנו לו, כי היא כסותה לבדה היא שמלתו לעורו, במה ישכב, והיה כי יצעק אלי ושמעתי, כי חנון אני״ (אויב דו וועסט נעהמען אַ משכון אויף אַ חוב דעם לייער׳ס קלייד, ביז דער זון אונטערגאַנג זאָלסטו איהם צוריקקערען, ווייל דאָס איז דאָס איינציגע קלייד פאַר זיין לייב, מיט וואָס וועט זיך צודעקען און אויב ער וועט שרייען צו מיר, וועל איך הערען, ווייל גנעדיג בין איך), איך וועל מוזען הערען זיין געשריי, אָבוואָהל באמת איז דער געזעץ אין דיין זייט, אָבער איך בין גענעדיג, דער געפיהל פון רחמנות און גענאַדע פאָדערען פון מיר, אַז איך זאָל הערען זיין געשריי, און ווייל איך בין גענעדיג, קען איך נישט זעהן די ליידען פון לוה (לייער). די ערקלערונג געפינט זיך אין הגה״ה און תוספות „שלש עשרה״ מסכת ראש השנה דף י״ז.

**און אַזוי** געפינען מיר אין דער דאָזיגער סדרה, ווי די תורה רעדט פאַר׳ן יתום: „אם ענה תענה אותו כי אם צעק יצעק אלי שמע אשמע צעקתו״ (אויב דו וועסט איהם פייניגען, און אויב ער וועט שרייען צו מיר, וועל איך הערען זיין געשריי). פון דעם לשון פון דער תורה ווייזט אויס אַזוי, אַז ווען דער יתום וואָלט נישט געשריהען, קען זיין, אַז איך וואָלט אויף דעם קיין אַכט נישט געלייגט, ווייל פיליכט ביסטו גערעכט, אָבער ווען ער שרייט צו מיר, מוז איך הערען זיין געשריי. די מאָראַליטעט פון דער תורה געפינט זיך אין האַרמאָנישער באַציהונג מיט׳ן מח און האַרץ, פאַרשטאַנד און געפיהל. צייטענווייז לייגט מען נישט קיין אַכט אויף דעם געפיהל פון האַרץ, נאָר דער פאַרשטאַנד און דער מוח זענען די ענטשיידער, ווי די וואָרנונג פאַר דעם ריכטער: „ודל לא תהדר בריבו״ (זאָלסט נישט בעפאָרצוגען דעם אָרעמען אין געריכט). די הויפּט־זאַך איז, אַז די דינים פון דער תורה זענען נישט קיין טרוקענע געזעצען אָהן פייכטקייט פון הומאַניטעט און פאַרבעסערונג. אמת די תורה איז אַ קעניגס באַפעהל, אָבער אַ קעניג וועלכער איז געקרוינט מיט דרייצען מדות, ער רייניגט נישט דעם פאַרברעכער, אָבער ער איז אויך בארעמהערציג און גענעדיג. ער שטראָפט פאַר די זינד פון די עלטערען און האָט דעם חסד (גענאַדע) ביז טויזענדער דורות.

**אויסער דעם** זענען פאַרהאַן אין דער תורה פיעל דינים, וואָס נישט דער דין איז דער עיקר און דער צוועק, נאָר דער דין איז אַ מיטעל צום צוועק. אַזוי ערקלערט אויך דער רמב״ם, אַז די קרבנות זענען געווען נאָר אַ מיטעל אָפּצוגעוואוינען זיי פון די מצרי׳שע רעליגיעזע צערעמאָניעס, און ער נעהמט דאָס פון דעם פסוק: „ולא יזבחו עוד את זבחיהם לשעירים אשר הם זונים אחריהם״ (און זיי זאָלען שוין מעהר נישט שחט׳ען זייערע קרבנות פאַר די פרעמדע געטער, וועלכע זיי ציהען זיך נאָך זיי), אָבער אין אמת׳ן נויטיגט זיך נישט דער אויבערשטער אין קיין קרבנות, אָבוואָהל כמעט דער גאַנצער חומש ויקרא רעדט וועגען קרבנות, דאָך פאַרשטעהט דער רמב״ם, אַז דער גאַנצער ענין קרבנות איז נישט קיין צוועק פאַר זיך נאָר אַ מיטעל. (דאָס וואָס דער רמב״ן זכרונו לברכה פרעגט אָפּ דעם רמב״ם און זאָגט: לויט׳ן רמב״ם נאָך, צו וואָס האָבען אדם הראשון, הבל און קין, אויך נח און נאָך מקריב געווען קרבנות, אויב די קרבנות זענען נאָר צו דערווייטערען פון עבודה זרה? וועגען דעם דאַרף מען זעהן די ערקלערונג פון „שם טוב״, מורה נבוכים, חלק ג׳, פרק ל״ב).

**עהנליך** צו דעם רמב״ם׳ס רייד געפינען מיר אויך אין מדרש רבה סדרה אחרי כ״ב: „רבי פנחס אינ׳ם נאָמען פון רבי לוי זאָגט: עס איז אַ

משל צו אַ קעניגס אַ זוהן, וועלכער איז געווען פאַר־גרעבט און איז געווען געוואוינט צו עסען נבלות און טרפות. האָט דער קעניג געזאָגט, זאָל ער שטענדיג זיין ביי מיין טיש, וועט ער פון זיך אַליין זיך אָפּגעוואוינען דערפון. אַזוי איז אויך דאָ, ווייל די אידען זענען געוואוינט געווען אין מצרים מקריב צו זיין קרבנות פאַר די געטער פון מצרים, האָט ג־ט געזאָגט זאָלען זיי מקריב זיין צו יעדער צייט זייערע קרבנות אין אוהל מועד און אַזוי וועלען זיי זיך אָפּגעוואוינען פון גע־צענדינעריי". איז דאָך אין מדרש אויסדריקליך, ווי די מיינונג פון רמב"ם זכרונו לברכה. מען קען ברייג־גען נאָך אַ מדרש עהנליך צום רמב"ם'ס רייד. עס ווערט געבראַכט אין מדרש רבה ויקרא, פרשה ט':
„רבי פנחס ורבי לוי ורבי יוחנן בשם רבי מנחם דגליא, לעתיד לבוא כל הקרבנות בטלין, וקרבן תודה אינו בטל" (לעתיד לבוא וועלען אַלע קרבנות אָפּגעשאַפט ווערען, נאָר דער קרבן תודה (אַ קרבן, וואָס ווערט געבראַכט אַלס דאַנק אויף אַ נס) וועט נישט אָפּגעשאַפט ווערען). אָבער פון דעם מדרש איז די ראיה נישט אַזאַ באַשטימטע צום רמב"ם, ווייל אין דעם מאמר איז דערמאָנט דער נאָמען פון רבי יוחנן, וועלכער האַלט (אין מסכת נידה דף ס"א), אַז לעתיד לבוא וועלען די מצוות אָפּגעשאַפט ווערען, איז לויט דעם מאמר וועלען קרבנות אויך אָפּגעשאַפט ווערען, ווי אַלע מצוות בכלל, און דאָס וואָס דער קרבן תודה וועט נישט בטל ווערען, איז דאָס צוליעב אָנשטענדיגקייט, מען דאַרף דאַנקבאַר

זיין דעם, וועלכער טהוט גוטס, אָבער פון מדרש פרשת אחרי ווייזט אוים צו זיין ווי דעם רמב״ם׳ס מיינונג.

**אויך** זעהען מיר, אַז שמואל הנביא פאַרקלענערט דעם ענין קרבנות (שמואל ט״ו): „ויאמר שמואל החפץ לה׳ בעולות וזבחים כשמע בקול ה׳, הנה שמע מזבח טוב, להקשיב מחלב אילים״ (שמואל האָט גע־זאָגט: צו דען איז דער פאַרלאַנג פון ג־ט, אַז מען זאָל איהם ברענגען קרבנות, גלייך ווי זיין פאַרלאַנג מען זאָל איהם הערען, דען דאָס פאָלגען ג־ט איז בעסער ביי איהם, ווי דער בעסטער קרבן, צו זיין איהם געהאָרכ־זאַם, איז ביי איהם בעסער ווי די פעטס פון באַראַ־נעם). אויך זיינע תלמידים די נביאים, וועלכע זענען געקומען נאָך איהם, זענען געגאַנגען אין זיין וועג און לויט זיין סיסטעם. דער נביא ישעיהו האָט געזאָגט: „למה לי רב זבחיכם״ (וואָס טויגען מיר אייערע פיעל קרבנות), דער נביא ירמיהו זאָגט: „עולותיכם ספו על זבחיכם, ואכלו בשר, כי לא דברתי את אבותיכם ולא צויתי ביום הוציאי אותם מארץ מצרים על דברי עולה וזבח״ (אייערע עולות לייגט צו צו אייערע שלמים ועט איהר האָבען מעהר פלייש צו עסען, וויל איך האָב נישט גערעדט מיט אייערע עלטערען דאַן, ווען זיי זע־נען אַרויס פון מצרים וועגען קרבנות). און אויך דוד המלך פאַרקלענערט דעם ענין קרבנות (תהלים נ׳). ער זאָגט: „לא על זבחיך אוכיחך, ועולותיך לנגדי תמיד״ (נישט דערפאַר וואָס דו ברענגסט מיר נישט

קיין קרבנות שטראָף איך דיר, און נישט דיינע עולות אינטערעסירען מיר).

אויך דאַרף מען באַמערקען, אַז מען רעכענט זיך מעהר מיט דער נשמה פון דער מצוה ווי פון די בוכשטאַבען אין דער תורה, ווי אין זייער איינפאַכען זין זעלבסט, דען די הויפט-זאַך איז ביי זיי געוועזן די כוונה פון דער תורה. אונזער תורה איז פּאָעטיש, און די ווערטער זענען נישט איינפאַך און טרוקען, קערפּערם אָהן א נשמה. נאָר יעדער בוכשטאַב אין דער תורה איז די שריפט פון איהם דער קערפּער, און די כוונה פון איהם איז די נשמה. מיר זעהען ווי שמואל הנביא האָט אונטערהאַנדעלט אין דעם ענין פון אויפנעהמען א מלך, דאַן ווען די אידען האָבען פאַרלאַנגט פון איהם: „שימה לנו מלך לשפטנו ככל הגוים. וירע הדבר בעיני שמואל" (מאַך אונז א קעניג, ער זאָל אונז פיהרען, ווי אַלע פעלקער. האָט דאָס שמואל'ן פאַרדראָסען). אָבוואָהל דאָס אויפנעמען א מלך איז איינע פון די דריי מצוות, וועלכע די אידען זענען אָנגעזאָגט געוואָרען ביי זייער אריינקומען אין לאַנד (סנהדרין דף כ'), האָט דאָך שמואל זיי געדאַרפט בייהילפיג זיין ביים אויפנעמען א מלך, און לסוף זעהען מיר פאַרקערט, אַז ער טאַדעלט עס גאָר מיט פאַרשידענע טאַדלונגען אום זיי אָפּצוהאַלטען דערפון.

אָבער לויט דעם, וואָס מיר האָבען ערקלערט, אַז אין דער שריפטליכער תורה איז אַמיינסטען

וויכטיג די נשמה, די כוונה פון דאָס געשריבענע, און ביי דעם באַפעהל פון אויפנעהמען אַ מלך געפינען מיר דעם נוסח אין דער תורה אַזוי: „כי תבא אל הארץ אשר ה׳ אלקיך נותן לך וירשת וישבת בה ואמרת אשימה עלי מלך ככל הגוים אשר סביבתי, שום תשים עליך מלך״ (ווען דו וועסט אַריינקומען אין דעם לאַנד, וועלכע ג-ט גיט דיר און דו וועסט איהר ירשנ׳ען און זיך אין איהר באַזעצען, און דו וועסט זאָגען, איך וועל מיר מאַכען אַ מלך, אַזוי ווי אַלע פעלקער אַרום מיר, זאָלסטו זיך מאַכען אַ מלך). פון דעם דאָזיגען נוסח האָט דער נביא פאַרשטאַנען פון צווישען די שורות, ער האָט געזעהן, אַז די דאָזיגע מצוה איז נישט אַזוי נויטוועגדיג, דען ווען זי וואָלט געווען נויטוועגדיג, וואָלט די תורה נישט געשריבען מיט דעם נוסח פון: „ואמרת אשימה עלי מלך״, און דו וועסט זאָגען: איך וועל מאַכען איבער זיך אַ מלך, נאָר זי וואָלט געשריבען מיט׳ן נוסח פון אַ באַפעהל, אַבסאָלוטנע: „שום תשים עליך מלך״ (זאָלסט אויפנעהמען אויף זיך אַ מלך). אַזוי ווי ביי די איבעריגע מצוות, וואָס די תורה באַפעהלט מיט דעם נוסח פון אַ הערשער און באַפעהלער, אַזוי מיר געפינען ביי דער מצוה פון אויפנעהמען דיינים, וואָס די תורה האָט געזאָגט מיט דעם נוסח: „שופטים ושוטרים תתן לך״ (זאָלסט אויפנעהמען דיינים ביי דיר), און אויב די תורה האָט ביים אויפנעהמען אַ מלך נישט געשריבען מיט דעם נוסח, נאָר מיט דעם נוסח „ואמרת״ (דו וועסט זאָגען), ווייזט אויס, אז

די תורה וויל נישט דאָס אויפנעהמען פון אַ מלך, נאָר זי זאָגט צו די אידען, אויב איהר וועט דוקא וועלען אַ מלך, מאַכט זיך אַ מלך, אָבער איך צווינג אייך נישט צו דעם. נור ווען איהר וועט אויפנעהמען איז דאָס א מצוה און זאָל זיין מיט אלע דינים וואָס דארף זיין דער אויפנעהמען דעם מלך.

**דער אויספיהר** פון מיינע רייד איז, אַז אונזער תורה איז אַ תורת חיים (אַ תורה פון לעבען), וועלכע רעדט צום הארצען און צום מוח. דער פאַר־שטאַנד און דער געפיהל זענען געפלאָכטען צוזאַמען אין דער תורה. און נישט נאָר די משפטים זענען גע־בויט אויף די יסודות (פונדאַמענטען), וועלכע מיר האָ־בען דערמאָנט, נאָר אויך די געזעצען די רעליגיעזע זע־נען געבויט אויף אויפריכטיגע פונדאמענטען אויף אמת און יושר, און אזוי זענען זיי געגעבען געוואָרען פון ג־ט צו משה רבינו עליו השלום, און די תורה האָט נישט קיין מאָס אין צייט. זי שטעהט העכער איבער די מאַ־טעריעלע חשבונות. זי איז אונז געגעבען געוואָרען אויף אייביג פאַר אַלע צייטען און פאַר אַלע ערטער.

# די סיסטעם פון דער מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל

**איצט** וועלען מיר זיך אומקערען צו די רייד פון דער גמרא, וועלכע דער צורר האָט זי קריטי־קירט. עס ווערט געבראַכט אין דער גמרא (עירובין דף י"ג: „אמר רבי אבא אמר שמואל, ג' שנים נחלקו בית שמאי ובית הלל, הללו אומרים הלכה כמותינו, והללו אומרים הלכה כמותינו, יצאה בת קול ואמרה: אלו ואלו דברי אלקים חיים, והלכה כבית הלל. ומפני מה זכו לקבוע הלכה כמותן? מפני שנוחין ועלובין הן ושונין דבריהם ודברי בית שמאי, ולא עוד אלא שמקדימין דברי בית שמאי לדבריהם" (דריי יאָהר האָבען די בית שמאי און די בית הלל געפיהרט אַ שטרייט צווישען זיך וועגען דער באַשטימונג פון די דינים, די האָבען געזאָגט, אַז דער דין איז, ווי זיי און די ווידער האָבען געזאָגט, אַז דער דין איז ווי זיי, איז אַרויס אַ בת קול און האָט געזאָגט: סיי די און סיי די זענען די רייד פון דעם לעבעדיגען ג־ט און דער דין בלייבט ווי בית הלל. און פאַרוואָס האָבען די בית הלל זוכה געווען, אַז דער דין זאָל באַשטימט ווערען ווי זיי? ווייל זיי זענען געלאַסענע און פאַרציכטען אויף זייער כבוד, און זיי פלעגען לערנען זייערע רייד אויך

די רייד פון בית שמאי, און נישט נאָר דאָס, נאָר זיי האָבען געלערנט די רייד פון בית שמאי פאַר זייערע רייד).

**דער בית יוסף** פרעגט אויף דעם, צי איז דאָ חס ושלום פאַרהאַן הטית הדין (רעכטס באַזייטיגונג), ווייל די בית הלל זענען געלאָסענער, דאַרף צוליעב דעם גע'פסקנ'ט ווערען ווי זיי, און ער פאַרענטפערט, אַז דער דאָזיגער זכות, וואָס זיי זענען געווען געלאָסענע און זיך געהאַלטען נידעריג איז זיי בייגעשטאַנען, אַז זיי זאָלען פסקנ'ען דעם דין לויט דעם אמת פון דער תורה.

**און לויט דעם** וואָס איך האָב ערקלערט, אַז ביי פיעל דינים, איז דער דין, בלייבט דין, נאָר צוליב דעם וואָס עס איז פאַרהאַן אַ געפאַהר, אַז דער דין וועט נישט קענען עקזיסטירען צוליב וועלכע עס איז טעמים, מאַכט מען ווייכער די שטרענגקייט פון דעם דין און מען מאַכט אַ מין (סאָרט) קאָמפּראָמיס, כדי דער דין זאָל קאָנען בלייבען און נישט ווערען אָפּגעשאַפט אינגאַנצען, ווי למשל די דינים פון באַלקען און פרוזבול, און דערמיט וועלען מיר פאַרשטעהען די רייד פון דער גמרא אין עירובין און עס וועט פאַרשטאַפט ווערען די מויל פון דעם דובר שקר, און ממילא וועט שוין פאַרענטפערט ווערען די פראַגע פון בית יוסף.

**דען נאָך** מיינע רייד איז די ערקלערונג אין די רייד פון דער גמרא: „שונין דברי בית שמאי ולא עוד אלא שמקדימין דברי בית שמאי לדבריהם" (און זיי האָבען אויך געלערענט די רייד פון בית שמאי און נאָך מעהר, זיי האָבען געלערענט די רייד פון בית שמאי פריהער פאר זייערע) זאָגענדיג דערמיט, אַז דאָס וואָס עס איז אָנבעלאַנגט דעם עיקר דין זענען זיי נישט געגען די בית שמאי און קריגען נישט אויף זיי, נאָר זיי לערנען און חזר'ן איבער און פאַרשען די רייד פון בית שמאי נאָך פריהער פאַר זייערע. דאָס הייסט זיי גיבען די רייד פון בית שמאי פאַרצוג. זיי האָבען מסכים געווען צו די רייד פון בית שמאי און דאָס וואָס זיי קריגען אויף זיי אין דין איז דאָס צוליב דעם וואָס זיי זענען געלאַסען, וואָרום פון זייער נאַטור זענען די בית הלל געווען געלאַסען און נישט קיין גרויסע פּע-דאַנטען און פיעל מאָל באַמיהען זיי זיך אַריינצוברענ-גען אויסבעסערונגען אָרום דין, וועלכער זאָל דינען אַלס מיטעל, כדי דער דין זאָל קאָנען בלייבען אין לע-בען. אָבער אין דעם גופא קריגען זיי נישט, נאָר זיי גיבען נאָך פאַרצוג די רייד פון די בית שמאי. צום ביישפּיעל, ווי ביי גזל מריש (ביים צו'גזל'ענען אַ באַל-קען), קריגען זיי נישט אויפ'ן דין פון די בית שמאי. געווים האַלטען אויך די בית הלל, אַז דער דין התורה פון אומקערען דאָס צוגערויבטע איז, אַז דער גזלן (רויבער) דאַרף אומקערען דעם באַלקען גופא, נאָר צוליעב די תקנת השבין (פאַרבעסערונג פון די אָפּגע-

בער) האָבען זיי מתקן געווען (פאַרבעסערט) אין דעם דאָזיגען דין, אַז דער גזלן קען באַצאָהלען געלד פאַר'ן באַלקען און נישט געצוואונגען צו זיין צו צעוואַרפען דעם גאַנצען בנין (בילדינג).

**און דער פשט** אין דער גמרא, אַז דער דין בלייבט אַזוי, ווי די בית הלל, צוליעב די אויבענ־דערמאָנטע מאָטיווען — איז זי אויסען צו זאָגען אַז אין אַלגעמיין קריגען זיי נישט אויפ'ן דין גופא, נאָר זיי מאַכען ווייכער די האַרבקייט פון דין, דער דין זאָל זיין אַזאַ, אַז מען זאָל איהם נישט דאַרפען אָפּשאַפען, נאָר איהם אַדורכפיהרען, אַז ער זאָל קאָנען אויסהאַל־טען אין לעבען. למשל, ביים מריש (באַלקען) מען באַנוגענט זיך מיט דער באַצאָהלען געלד פאַר'ן באַל־קען, וועט זיך דעם גזלן ווען תשובה טהאָן און אָפּ־געבען די רויב, אָבער ווען מען זאָל דעם דין נישט ווייכער מאַכען, נאָר אַזוי ווי עס איז אויסגעטייטשט די באַדייטונג „והשיב את הגזלה אשר גזל", מיינט דאָך, אַז ער דאַרף צוברעכען דעם בנין (הויז) און אָוועק־געבען דעם באַלקען, וועט דער גזלן נישט ווען תשובה טהאָן.

**דערמיט** וועט ווערען פאַרענטפערט די קשיא פון „בית יוסף" זכרונו לברכה, ווייל די בית הלל האָבען דאָך פיעל מאָל איינגעשטימט צו די בית שמאי, נאָר צוליעב זייער ווייכקייט האָבען זיי גע־

מאַכט די זאַך ווייכער, נישט אַזוי שטריינג, כדי עס זאָל פאַרהיט ווערען דאָס דער דין זאָל נישט בטל ווערען.

**איצטער** ווילען מיר רעדען אייניגע ווערטער צום מקטרג און משטין, אז ער איז בעאונוויסטזי־ניג, אָבער ווער עס וויל פאַרשטעהן און וויסען, ווייס און פאַרשטעהט די רייד פון דער גמרא: „אלו ואלו דברי אלקים חיים", וואָרום אין מיינסטען טייל זענען ביידע איינשטימיג אין דין, זיי זענען נאָר צוטיילט אין דער אויסבעסרונג פון דעם דין. און אויב ווער עס איז וועט פרעגען: סוף כל סוף איז דאָך די תורה געגעבען געוואָרען פון איינעם, פון ג־ט אין הימעל, אויב אַזוי ווי איז דאָס צו זאָגען ביי איין דין: „אלו ואלו דברי אלקים חיים", אַז ביידע זענען גערעכט, ממה נפשך (ענווידער אָדער), אויב דאָס איז ג־ט׳ס רייד, „אז יקוב הדין את ההר" אַז דער דין זאָל אויסגעפיהרט ווערען מיט זיין גאַנצער שטרענגקייט און עס זאָל נים געמאַכט ווערען קיין שום אויסבעסערונג און קיינע קאָמפּראָמיסען, לויט דעם זענען די דברי בית שמאי „דברי אַלקים חיים", און אויב אַז די דברי אלקים מיינט אַז צייטענווייז דאַרף מען ווייכער מאַכען די שטרענג־קייט פון דין, כדי דער דין זאָל קענען בלייבען לעבען, איז דאָך לויט דעם די דברי בית הלל דברי אלקים חיים, איז דאָך שווער צו פאַרשטעהן, ווי קען זיין, אַז עס זאָלען זיין גערעכט ביידע סיסטעמען? די דאָזיגע פראַגע האָבען שוין באַמערקט די ראשונים ז״ל (די

פריהערדיגע חכמים). דער ריטב״א שרייבט אין זיינע חידושים: „אונזערע רבנים אין פראנקרייך האָבען גע־פרעגט ווי איז דאָס מעגליך, אַז ביידענס רייד זאָלען זיין דברי אלקים חיים, דער אסר׳ט און דער איז מתיר, און זיי האָבען פאַרענטפערט אַז בשעת משה איז ארויפ־געגאַנגען אויפ׳ן הימעל צו נעהמען די תורה, האָט מען איהם געוויזען אויף יעדער זאַך ניין און פערציג פאַלען אויף איסור און ניין און פערציג פאַלען אויף היתר און ווען ער האָט געמאַכט אויפמערקזאַם אויף דעם, האָט מען איהם געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין אי־בערגעגעבען צו די חכמי האמת פון ישראל, וואָס אין יעדען דור און זיי וועלען דאַרפען ענטשיידען. און דאָס איז ריכטיג לויט׳ן דרש און בדרך האמת איז דאָ אַ טעם אויף דעם״.

**אין של״ה** הקדוש ביים ענדע פון חלק בית חכמה, ברענגט ער די הייליגע רייד פון די ראשונים ז״ל און זאָגט אויף דעם: „ אילו היה אפשר להעמיד דברי שניהם הנה יצדק אמרם, אלו ואלו דברי אלקים חיים, ואמנם יצדק במעשה פלגש בגבעה בגיטין דף ו׳: אביתר בני כך אומר, יונתן בני כך אומר, אמר ליה חס ושלום, ומי איכא ספיקא קמיא שמיא? אמר ליה, אלו ואלו דברי אלקים חיים, לפי שאפשר להעמיד דברי שניהם דמצא זבוב ונימא, אבל זה אוסר וזה מתיר אי אפשר להעמיד דברי שניהם״. — ווען עס וואָלט מעגליך געווען אויסצופיהרען ביידענס רייד, וואָלט

באַרעכטיגט געווען דאָס וואָס זיי זאָגען „אלו ואלו דברי אלקים חיים" (אַז ביידע שטרייטערס רייד זענען ג-ט'ס רייד). און ווירקליך איז דאָס באַרעכטיגט ביי דער געשיכטע פון פלגש בגבעה (קעבס-פרוי אין גבעה) אין מסכת גיטין דף ו': אביתר מיין זוהן זאָגט אַזוי, יונתן מיין זוהן זאָגט אַזוי, האָט ער צו איהם געזאָגט, צי איז דען דאָ חס ושלום ביי ג-ט אַ ספק האָט ער איהם גע-ענטפערט „אלו ואלו דברי אלקים חיים" (ביידענס רייד איז ריכטיג), ווייל עס קען ביידע מעגליך זיין, אַז ער האָט געפונען אי אַ פליג אי אַ האָר, אָבער אַז דער אסר'ט און דער איז מתיר איז דאָך אונמעגליך אויס-צופיהרען ביידע. און דער של"ה הקדוש זאָגט: אויב אַזוי באַפרידיגט אונז נישט דאָס, וואָס די רבנים פון פראַנקרייך האָבען געזאָגט. דער של"ה הקדוש פאַר-ענטפערט דעם ענין לויט זיין הייליגען שטייגער על פי קבלה (לויט מיסטיק).

## די תורה איז געגעבען געוואָרען צו יעדען איינעם לויט זיינע באַגריפען

**לויט מיין אָרעמען** פאַרשטאַנד און מיין קליינער ווערדע וואָלט איך געזאָגט ביי דעם לויט די רייד פון מדרש רבה יתרו פרשה כ"ט און דאָס איז

זייער לשון: „השמע עם קול אלקים״ (צי האָט אַ פאָלק געהערט ג-ט׳ס שטימע?). די מינים, די וועלכע לייקענען אין איין ג-ט, האָבען געזאָגט צו רבי שמלאי, עס זענען פאַרהאַן אַ סאַך געטער אויף דער וועלט, האָט ער זיי געפרעגט פאַרוואָס? האָבען זיי צו איהם געזאָגט עס שטעהט דאָך אַזוי אין פסוק „השמע עם קול אלקים, אלקים איז דאָך רבים (מעהר-צאָל)? האָט רבי שמלאי צו זיי געזאָגט: צי דען שטעהט אין פסוק מדברים (זיי ריידען אין מעהר צאָל), עס שטעהט דאָך אין פסוק מדבר (ער רעדט), אין לשון יחיד (אין איינצאָהל), ווייל עס איז געשריבען „אלקים מדבר״ — ג-ט רעדט. האָבען צו איהם זיינע תלמידים געזאָגט, זיי האָסטו אָפּגעשטויסען מיט אַ צובראָכענעם שטעקען, דאָס הייסט דו האָסט זיי געענטפערט אַ שוואַכען ענטפער, אבי פּטור צו ווערען פון זיי, וואָס וועסטו אונז ענטפערען? האָט זיי רבי לוי געענטפערט און אויפגעקלערט: „השמע עם קול אלקים״, ווי אַזוי איז דאָס? ווען עס וואָלט געווען געשריבען קול ה׳ בכוחו (ג-ט׳ס שטימע מיט זיין כוח) וואָלט דאָס די וועלט נישט געקענט אויסהאַלטען, נאָר עס שטעהט געשריבען קול ה׳ בכח — מיינט מען נישט ג-ט׳ס כח, נאָר מען מיינט לויט׳ן כח פון יעדען איינעם. די יונגע לייט האָבען געהערט לויט זייער כח, די אַלטע לייט לויט זייער כח און גאָר די קליינע לויט זייער כח. אפשר וועט איהר מיינען, אַז עס זענען פאַרהאַן פיעל געטער אין הימעל, זאָלט איהר וויסען זיין, אַז איך בין ה׳

דיין ג־ט, ווי אין פסוק ווערט געזאָגט: „אנכי ה׳ אלקיך״.

**מיט די רייד** פון דעם דאָזיגען מדרש ווערט שוין זיין גוט פאַרשטענדליך זייערע הייליגע ווער־טער: „אלו ואלו דברי אלקים חיים״, דען ווען עס איז געזאָגט געוואָרען אין דעם אופן, ווי עס איז געזאָגט געוואָרען: „שמור וזכור״, וועלכע זענען געזאָגט גע־וואָרען בדבור אחד (צוזאַמען ווי איין וואָרט) פון ג־ט, און מיר האָבען געהאַט צוויי דבורים. און אַזוי אויך „קול אלקים״, ווען מיר האָבען געלערענט די תורה פון ג־ט אויפ׳ן באַרג סיני, האָט ער אונז געלערענט אין הלכה (דין), וועלכע איז באַשטאַנען פון צוויי, דער אויבערשטער האָט געלאָזט הערען דעם דין, און יעדער איינער האָט איהם באַגריפען לויט זיין כח און זיין באַגריף. לויט איינעמ׳ס באַגריף האָט זיך איהם גע־הערט דער דבור (רייד), אַז עס איז אסור, און לויט דעם צווייטענס באַגריף האָט זיך איהם געהערט דער דבור (רייד), אַז עס איז מותר. לויט׳ן כח (באַגריף) פון איינעם איז געווען דער דבור פון אויבערשטען, אַז עס איז טמא, און לויט׳ן כח (באַגריף) פון דעם צווייטען איז עס געווען טהור.

**און דערמיט** איז צו פאַרשטעהן די רייד פון דער גמרא סנהדרין דף ל״ד, וועלכע ערקלערען דעם פסוק (אין תהלים ס״ב): „אחת דבר אלקים שתים

זו שמעתי" (איינס האָט ג-ט גערעדט, צוויי האָב איך געהערט), „מקרא אחד יוצא לכמה טעמים" (איין פסוק צוגעהט זיך אין פיעל טעמים). דאָרטען דער מהרש"א זאָגט אויף דעם פאָלגענדעס: „כי עוז וכח חכמה הוא לאלקים לשמוע שתים מדבורו האחד" (ג-ט באַזיצט מאַכט, שטאַרקייט און חכמה אום צו צו קענען הערען צוויי פון זיין איין וואָרט). דבי רבי ישמעאל לערענט: „וכפטיש יפוציץ סלע" (ירמיהו כ"ג — אַזוי ווי אַ האַמער צוברעקעלט אַ שטיין), „מה פטיש זה מתחלק לכמה ניצוצות, אף מקרא אחד יוצא לכמה טעמים" (אַזוי ווי דער האַמער צוטיילט אויף פיעל ברעקלעך, אַזוי צוגעהט זיך איין פסוק פסוק אויף פיעל טעמים).

**לויט די רייד** פון דעם מדרש און דער גמרא, וועלכע איך האָב דערמאָנט איז נישטאָ קיין אָרט פאַר דער וואונדערונג פון די פאַרוואונדערטע, וועל־כע וואונדערען זיך: ווי קען דאָס זיין אין הלכה (דין) זאָלען רעדען אמת ביידע געגנער, און ביידענס רייד זאָלען זיין „דברי אלקים חיים"? אָבער לויט ווי איך האָב ערקלערט פון די באַגלויבטע און ריכטיגע קוועלען, אַז די הלכה (דין), וועלכע איז אַרוים פון ג-ט'ס מויל אויפ'ן באַרג סיני איז געווען אין איהר צוויי באַדייטונגען, און יעדער איינער פון די חכמים האָט באַגריפען די הלכה לויט זיין כח (באַגריף). לויט אונזער קערפערליכען באַגריף איז דאָס נישט אַזוי

לייכט צו פאַרשטעהן, אַז איין הלכה (דין), וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען פון ג-ט'ס מויל האָבען זיך געהערט ביי די צוהערער צווייזייטיג, לחיוב ולפטור (אויף שולד און באַפרייאונג), לאיסור ולהיתר (אויף פאַר־באָט און ערלויבענס) און נאָך. דאָס הייסט, אַז יעדער איינער האָט געהערט דעם דבור לויט זיין מיינונג און באַגריף. דאָס איז אייגענטליך נישט אַזוי לייכט צו פאַרשטעהן, אָבעד דאָס ווייס יעדערער פון אונז, אַז אונז פעלט דער חוש אָנצוטאַפּען גייסטליכקייט. נאָר לויט דער מאמר חז"ל (מסכת ראש השנה, דף כ"ז, און שבועות דף כ'), אַז די צוויי ווערטער: „זכור און שמור" זענען געזאָגט געוואָרען אַזוי ווי איין וואָרט, דאָס וועלכעס די מויל קען נישט אַרויסריידען, און וואָס דער אויער קען נישט הערען.

**פון דעם מאמר** זעהען מיר, אַז דאָס איז אַ פאַקט, אַז עס איז גערעדט געוואָרען אין דעם זין, וואָס אונזערע קערפּערליכע קרעפטען זענען ניט אומשטאַנד ריכטיג דאָס צו פאַרשטעהן, בכלל פעהלט אונז דער דאָזיגער חוש (געפיהל) מיר זאָלען דאָס פשוט פאַרשטעהן. אונזערע ידיעות זענען באַגרענעצ־טע, אָבער דאָך מיט אונזער נשמה, וואָס זי איז פאַר־בונדען מיט די אלקות (ג-טליכקייט), קענען מיר זיך פאָרשטעלען אין באַגריף אַז עס איז דאָ העכערס, ווי קערפּערליכע באַגריפען, און אונזערע חז"ל, וואָס האָ־בען אַ געוויסע מאָס ליכטיגערע אויגען פאַר אונז, האָ־

בען פעסטגעשטעלט, אויפווייזענדיג פון פסוק און האָ־בען עס געהאַט געווים בקבלה איינער פון דעם צוויי־טען ביז די, וואָס זענען בייגעווען ביים באַרג סיני. צוליעב אונזער אונוויסענהייט ענדערט זיך גאָרניט דער ענין, אַזוי ווי עס איז נישט אָפּגעלייקענט געוואָ־רען די עקזיסטענץ פון נאָך וועלטען, ווייל מיר האָ־בען זיי נישט געזעהן, צוליעב אונזער אונוויסענהייט און קורצזיכטיגקייט, אַזוי איז אויך די זאַך, וואָס מיר קענען נישט פאַרשטעהן און באַגרייפען ווי עס קען מעגליך זיין, אַז צוויי ווערטער זאָלען געזאָגט ווערען מיט איין וואָרט, די מויל קען עס דאָך גאָרנישט אַרויסריידען און דער אויער קען עס דאָך גאָרניט הע־רען. דער פאַקט ענדערט זיך אָבער נישט צוליעב די פראַגען.

**געווים** איז די קבלה פון חז״ל אמת. און אַזוי אויך ביי קבלת התורה, די הלכה איז געווען איי־נע, אַזוי זענען זיי אַרויסגעגאַנגען פון ג־ט׳ס מויל, און עס זענען פאַראַלגעמיינערט געוואָרען אין איין וואָרט צוויי געהערען, און יעדער איינער פון די חכמים האָט געהערט לויט זיין באַגריף, ווי דער אויסדריק פון מדרש „השמע עם קול אלקים״, אז יעדערער האָט גע־הערט די שטימע לויט זיין כח, און דער מדרש טייטשט „אלקים״ — כח, יעטווידער האָט געהערט נאָך זיין כח, נאָך זיינע באַגריפען. נאָך די אויפקלערונגען קע־נען מיר לייכט פאַרשטעהן, ווי עס קען מעגליך זיין אין

איין הלכה זאָלען ביידע געגנערס זאָגען אמת און זייערע ביידענס פארשידענע מיינונגען זיינען געהערט געוואָרען אויפ'ן באַרג סיני.

**אין מסכת כתובות**, דף נ"ז, אין רש"י ד"ה „הא קא משמע לן", ערקלערט אונז די זאַך אויך אויף דעם אופן, נעמליך, אָבער ווען עס קריגען צוויי אמוראים אין אַ דין אָדער וועגען איסור והיתר, און יעדער איינער האָט אַן אַנדער מיינונג, איז אין דעם קיין פאַלש נישטאַ, און מען קען זאָגען: „אלו ואלו דברי אלקים חיים" (אַז ביידענס דינים זענען אמת). אַמאָל קומט אוים צו זאָגען דעם טעם און אַמאָל דעם טעם, ווייל דער טעם ענדערט זיך לויט די ענדערונגען פון די געגענשטאַנדען מיט אַ קליינער ענדערונג.

**ביי דער געלעגענהייט** געפין איך פאַר נויטיג צו ערקלערען די פאָלגענדע ווערטער אין קהלת י"ב: „דברי חכמים כדרבנות וכמשמרות נטועים, בעלי אספות נתנו מרועה אחד" (די רייד פון די רבנים זענען ווי דרבנות [אַ מין טשוואָק, וועלכער איז אריינגעזעצט אין אַ שטעקען, וועלכען מען באַנוצט ביים אַקערען צו פיהרען דעם אָקס ער זאָל ניט אָפּקערען אין דער זייט] און ווי אריינגעשלאָגענע טשוועקעס, וועלכע האָבען אויבען קעפּלאַך, זענען געגעבען געוואָרען פון איין פיהרער). דער אונטערשייד

פון דרבן ביז מסמר (טשוואָק) איז דער: ווען מען שלאָגט אַריין אַ טשוואָק אין וואַנט, איז ער ווי איינגע־פלאַנצט, נישט מעגליך איהם צו ריהרען, אָבער דער דרבן, אַבוואָהל ער פיהרט גלייך דעם אָקס, ער זאָל נישט אָפּנויגען אין אַ זייט אָבער ער איז נישט אַזוי שטאַרק איינגעפעסטיגט ווי דער טשוואָק. דער דרבן מאַכט גלייך דעם אָקס, ער זאָל נישט אָפּנויגען אין אַ זייט, נאָר ער זאָל געהן אין דעם אָרט, וואו מען דאַרף אַקערען, אָבער ער איז נישט אַזוי פעסט אַריינגע־שלאָגען נישט צו ריהרען איהם פון דעם אָרט, אַזוי ווי דעם טשוואָק, וואָס איז אַריינגעשלאָגען אין וואַנט. אַזוי זענען אויך די דברי חכמים (די רייד פון חכמים). זיי אונטערשיידען זיך אויך אויפ'ן זעלבען אופן. עס זענען פאַראַן רייד פון חכמים, וועלכע זענען פעסט, ווי טשוועקעס אַריינגעקלאַפּט, פעסט, און עס איז ניט מעגליך בשום אופן אָפּצונויגען אין אַ זייט און צו מאַכען קאָמפּראָמיסען, קיינע פשרות און תקנות אין דין, נאָר יקוב הדין את ההר, דער דין מוז אויסגע־פיהרט ווערען אין גאַנצען, ווי ער איז.

**און עס זענען** פאַראַן רייד פון חכמים וועלכע זע־נען ווי דרבנות. דאָס הייסט: צייטענ־ווייז, וואו עס נויטיגט זיך צו פאַרהיטען, אַז דער דין זאָל נישט בטל ווערען אין גאַנצען, נויגט מען אַ ביסעל און מען מאַכט אַן אויסבעסערונג אַז דער דין זאָל קע־נען אַריין אין לעבען. אמת, דער סיסטעם פון די

חכמים איז נישט אַזוי ווי דער סיסטעם פון די חכמים, וואָס זיי האַלטען, אַז עס דאַרף כמשמרות, ווי טשוועקעס נישט צו ריהרען אויף אַ האָר אָבער סוף כל סוף „נתנו מרועה אחד", זענען זיי פון איין פיהרער געגעבען געוואָרען. די מיינונגען פון דיביידע סיסטעמעס זענען „אלו ואלו דברי אלקים חיים".

**דער רעזולטאַט** פון אונזערע רייד איז: לויט ווי איך האָב געבראַכט די קוואַלען איז די ענטשיידונג איבערגעגעבען געוואָרען צו די חכמים אין יעדען דור צו פסקנ'ען אין די נייע ערפונדענע ענינים. און וואָס דער חכם פסק'ענט מיט זיין קלוגשאַפט אַ הלכה (אַ דין) אין אַ ניי ערפונדענעם ענין, איז די הלכה אויך געגעבען געוואָרען פון ג-ט. ווייל די חכמה איז „אַ געשאַנק פון ג-ט", ווייל ג-ט גיט די חכמה, וויסען און פאַרשטאַנד. און די הלכה, וואָס דער חכם פסק'ענט, וואָס זיין חכמה איז געבויט אויף די פונדאַמענטען פון דער תורה האָט איהם ג-ט געגעבען דאָס רעכט און דעם כח צו ערפינדען און צוצופאַסען זיין ערפינדונג צו ג-ט'ס תורה, עס זאָל זיך נישט געפינען צווישען זיי קיין ווידערשפרוך. און די הלכה וואָס דער חכם האָט איהר ערפונדען איז פון ג-ט, ווייל די ענטשיידונג איז איבערגעגעבען צום חכם התורה. די תורה און די חכמה זענען אַ געשאַנק פון ג-ט.

## ג-ט'ס שטימע פון בארג סיני איז נישט פאַרענדיגט

**עהנליך** צו אונזער געדאַנק געפינט מען אין של"ה הקדוש אין חלק בית חכמה: „דער פסוק זאָגט: „את הדברים האלה דבר ה' אל כל קהלכם בהר מתוך האש הענן והערפל קול גדול ולא יסף" (די דאָזיגע רייד האָט ג-ט גערעדט צו אייער גאַנצער פאַרזאַמלונג אויפ'ן באַרג פון פייער וואָלקען, אַ גרויסע שטימע, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט), ווי רש"י ערקלערט לויט'ן תרגום אונקלס „ולא יסף ולא פסק" (אַז דער טייטש ולא יסף איז — עס האָט נישט אויפגעהערט), ווייל זיין שטימע איז שטאַרק און עקזיסטירט אויף אייביג.

**דער ענין** „לא פסק" — ער האָט נישט אויפגעהערט — איז דער פשט, אַז דער קול פון ג-ט געהט נאָך אָן ביז'ן היינטיגען טאָג, און ער האָט זיך נאָך נישט אָפגעשטעלט. און דער קול ענטהאַלט אין זיך בכח אַלץ, וואָס עס קען פאָרקומען אין יעדער צייט. נאָר עס איז נאָך נישט געקומען די צייט, אַז אַלץ זאָל אַרויסגעהן „מכח אל הפועל" (פון דער קראַפט צום טהאַט), דען דאָס ווענדעט זיך אין דער ערוועקונג פון די אונטערשטע, אין זייער וועזען און אייגענשאַפט און לויט די מדרגות פון די נשמות פון אַלע דורות.

